# דער יוד

# (DER JUDE)


צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט 2 מאל מאנאטליך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“. רעד.: י. ח. ראבניצקי.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען — 5 פלארין.
האלביאהריג 2.60 „
פירטעליאהריג 1.35 „
דייטשלאנד 8.60 מארק.
ארץ ישראל — 10. פראנק.
אנדערע לענדער — 12. „
אמעריקא, ענגלאנד [illegible] שילנג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 „
דען 1טען סעפטעמבער 1 „
יעדער איינציגער נומער קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

נומער 4. ווין — קראקויא, אדר תרנ"ט — פעברואר 1899. ערשטער יאהרגאנג.


## איינהאלט:




## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“. Krakau. Dietelsgasse 105.

אין ווארשא:
פערלאג „אחיאסף“ ווארשא, פאסט-קיסטע נו. 25.
פערזענליך, מאריאנסקא נו' 6.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien I. Bez. Rudolfsplatz 6.

אין בערלין:
Verlag „Achiasaf“ Berlin, zu Händen Dr. H. Malter, Charlottenburg, Schillerstr. 47.

1. Jahrgang. **DER JUDE.** 4. .Nr

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען —5,- פלארין.
האלביאהריג „ 2.60
פירטעליאהריג „ 1.35
דייטשלאנד 8.50 מארק.
ארץ ישראל — 10. פראנק.
אנדערע לענדער — 12. „
אמעריקא, ענגלאנד — 10. שילנג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעססען.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גנו׳ יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 „
דען 1טען סענטיאבער 1 „
יעדער איינציגער נומער קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

פערלאג: חברה „אחיאסף". ערשיינט 2 מאל מאנאטליך. רעדאקטער: י. ח. ראבניצקי.

נומער 4. ווינן -- קראקויא, אדר תרנ"ט — פעברואר 1899. ערשטער יאהרגאנג.

## אין וואס איז אונזער הילף?

(ענדע.)

אין וואס אבער — וועלען פרעגען אונזערע פראסטע ארימע יודען — קען בעשטעהן אונזערע ארבייט, אונזער מיטווירקען צו בעקומען אונזער לאנד, צו בעקומען א זעלבשטענדיגעס און אנשטענדיגעס מענשליכעס און יודישעס לעבען? געוויס וואלט יעדער פון אונז וועלען אויפגעריכט ווערען, לעבען אין זיין ווינקעל, צווישען זיינע ברידער, אין זיין לאנד. אבער וואס קענען מיר קליינינקע, ארימע יודען העלפען דאס גאנצע פאלק, אז מיר קענען זיך אליין ניט העלפען. זעהט איהר אז די ראטשילדס, אדער די אנדערע אויסלענדישע גרויסע לייט צווישען די יודען, וועלכע זענען מקורבים למלכות, ווען זיי זאלען באמת וועלען, קענען זיי געוויס העלפען, ברענגען ישועות. אבער מיר, מישטיינס געזאגט, וואס קענען טהון?

וואס איהר קענט טהון? — פרעגט איהר. זעהר פיעל קענט איהר טהון. און דוקא איהר ארימע, קליינע און שוואכע בדידער קענט טהון גרויסע זאכען פאר אונזער גרויסען געדאנק. די גרעסטע, העכסטע בערג זענען צוזאמענגעשטעלט פון קליינע גרייפעליך זאמד. יעדער טהייל בעזונדער איז גאר נישט, האט קיין ממשות, אבער פיעל קליינע טהייל צוזאמען איז דאס א גאנצער בארג. נעהמט א גרויסען בריליאנט, וועלכער האט גאר קיין שאין, און צעשלאגט איהם אויף קליינע, דינע שטיקליך, האבען די אלע ברעקעליך גאר נישט קיין ווערט. זייער ווערט איזט נור דאמאלס ווען זיי זענען אלע פעסט צוזאמענגעהאלטען און מאסיוו פערבונדען. דעסטגלייכען יעדער פון אונז, ווען ער איז פאר זיך אליין, ווען ער שטעקט נור אין זיין אייגען קליין וועלטעלע, איז ער געוויס קליין און שוואך; אבער ווען מיר אלע וועלען זיין צוזאמענגעבונדען מיט איין הארץ פאר איין געדאנק, וועלכער איז אונז אלע נאהענט, טייער און ליעב — דאמאלס זענען מיר א גרויס פאלק, דאמאלס זענען מיר א מאכט, וועלכע קען זיך אין דער גאנצער מענשהייט פיעל גוטס שאפען. ווען יעדער איינציגער פון אונז, אהן א אונטערשיעד, וועט עפיס געבען פאר ציון, פאר אונזער ווידערבעלעבונגסארבייט; ווען קיינער פון אונז זאל זיך ניט בעפרייען פון א געוויסען בייטראג, פון א געוויסען אפפער; ווען מיר אלע, אהן אויסנאהמע, זאלען זיין דורכגעדרונגען פון דער נאטווענדיגקייט ערווערבען אהיים פאר'ן יודישען פאלק — וויפיעל מיליאנען וואלטען מיר דאמאלס האבען פאר אונזער הייליגען געדאנק. און אזעלכע מיליאנען וועלכע ווערען געזאמעלט פונ'ם גאנצען פאלק, אין וועלכע יעדער פון אונז האט א טהייל, יעדער פון אונז האט אינטערעס, און אויף וועלכע מען מוז רעכנונג געבען פאר'ן גאנצען פאלק, — אזעלכע מיליאנען ווערען ניט אזוי לייכטזיניג פערוועגדט, אזוי ניטצלאז — און אמאל אויך צו אונזער שאדען און אונגליק — אויסגעגעבען ווי די מיליאנען פון א באראן הירש אדער א באראן ראטשילד. מיליאנען וועלכע ווערען געזאמעלט פון אונז אלעמען, פונ'ם גאנצען פאלק, ברענגען שוין ניט'ן ניט נור דורך זייער פערווענדונג, אבער אויך דורכ'ן זאמלען אליין: שוין דאס געבען אליין אויף א גרויסע זאך, אויף א הייליגען צוועק מאכט שוין דעם געבער פיעל בעסער, פיעל אדעלער און ערהאבענער. דאס געבען אליין ברייננט אונז אז מיר אלע זאלען וואַרעמעס, איניגעס אינטערעס האבען אין אונזער גאולה־וישועה. בעטלען, שנארערען, ערנידעריגט, פערניכטעט דעם איינצעלנעם מענש ווי דאס גאנצע פאלק, אבער דאס געבען, דאס טהיילנעמען מיט אפפער אין אזא גרויסער זאך ווי די גאולה פון א גאנצען פאלק, — דאס שוין אליין ערציהט אונז צו גראסעס און שענעס, דאס שוין אליין מאכט אונז רייבער און פערנינפטיגער. ווען די מיליאנען ווערען געקליבען פון אונז אלעמען ווערט יעדער פון אונז פעראנטווארליכט פאר זייער פערווענדונג און אויסגאבע. ווען א באראן גיט אויף אונז אויס מיליאנען האבען מיר ניט קיין דעה, און יעדער באראן, ווי עס איז בעקאנט, האט זיך זיין פאנטאזיע, זיינע קאפריזען, און מיר מוזען אלעס אראבשלינגען, אלעס דולדען און אריבערטראגען, ווען ער פערווענדעט אויף אונז זיינע אייגענע מיליאנען, זיין כונה איז געוויס צו גוטען, אבער אונז צייטענווייס שאדעט זי: זיינע מיליאנען טיידטען אין אונז אונזער אונטערנעהמונגס־גייסט, אונזער זעלבשטענדיגקייט, ערציהען אונז צו שמייכלער, פוילע און ווילענלאזע מענשען...

נאר ניט אין געבען, אין שיינקען אליין, אין אפפער בריינגען דארף בעשטעהן אונזער ארבייט אויסצופיהרען אונזער גרויסען פאלקסגעדאנק. געלד געבען זענען מיר יודען שוין געוואהנט, לייכטער גיט עס ניט פאר אונז. דער יודישער אביון גיט אויך צדקה. אבער געבען אליין איז נאך ניט געטוהן. מיר מוזען אלע וויסען אויף וואס מיר געבען, וועמען מיר געבען. אונזער צוועק מוז אונז אלעמען קלאר זיין. אויסער געבען האבען מיר, אדער אייגענטליך דארפען מיר האבען, שטענדיגע, אהנאויפהערליכע ארבייט אין אונז זעלבסט. מיר מוזען זיך ערציהען, מיר מוזען זיך בעפרייען פון פיעל פאלשע בעגריפען, פון פאראורטהיילע, פערקרימטע און פערקערטע מיינונגען. און פריהער פון אלעס מוזען מיר זיך געוועהנען צו דעם פרוכטבארסטען געדאנק, אז אונזער הילף ליעגט אין אונז אליין. עס שיינט פון ערשטען בליק אז דער געדאנק איז אזוי אלט און ס'איז גאר לייכט אויפצופאסען, אנצואייגנען אזא געוועהנליכען געדאנק. די זאך איז אבער ניט אזוי. עס איז ניט אזוי לייכט, ווי מע מיינט. אנאייגנען א געדאנק הייסט אומארבייטען איהם אין אונזער בלוט און פלייש, אין א טהייל, אין דעם בעסטען טהייל, פון אונזער א"ך. און דאס איז ניט אזוי לייכט. מיר מוזען זיך געוועהנען דורכצופיהרען דעם געדאנק אין אלעס וואס מיר טהוען, אין אלעס וואס מיר אונטערנעהמען און דיינקען צו אונטערנעהמען, „אונזער הילף ליעגט אין אונז אליין" — דאס הייסט קיין באראן,

ניט אפילו אַלע באַראָנען צוזאַמען זענען אין שטאַנד אונז צו העלפֿען, אונז צו ערלעזען ווען מיר אַליין, פֿון קליין ביז גרויס, פֿון אָרים בי רייך, ווען מיר אַלע, מענער און פֿרויען, ווועלען ניט מיטווירקען, מיט־העלפֿען מיט אַלע קרעפֿטען, ווען מיר אַליין ווועלען ניט זיין אין שטאַנד צוריקווייזען גאַנצע מיליאָנען וואָס די מיליאָנערען געבען פֿאַר אונזער טובה, ווען זיי זענען ניט בעשטימט פֿאַר דעם וואָס מיר ווילען, וואָס מיר שטרעבען, פֿאַר דעם וואָס אונז איז טייער און הייליג. מיר מוזען זיך ערציהען אַז אונזערע פֿאָרשטעהער, פֿיהרער, אונזערע בעפֿאָלמעכטיגטע זאָלען דינען אונזערע צוועקע, ניט זייערע. אונזער פֿיהרער, אונזער בעפֿאָלמעכטיגטער קען זיין נור דער, וועך עס איז איבערגעבען מיט לייב און זעעלע אַלע אונזערע הייליגע וואונשען, וועך פֿערקערפּערט אין זיך דאָס שענסטע און בעסטע וואָס ליעגט אין דעם יודעשען פֿאָלק. נור דעם קענען מיר געהאָרכען און פֿערטרויען, וועך עס ליידעט מיט אונז, וועך עס קען און וועך עס וויים אַלע אונזערע געהיימסטע וועהטיגען, וועך עס הערט זיך צו זעהר אויפֿמערקזאַם צו אַלע אונזערע געפֿיהלען, צו אַלע אונזערע בעדירפֿניסען, צו אַלע אונזערע געדאַנקען. נור דער קאָן זיין אונזער פֿיהרער, וועך עס לעבט מיט אונז, צווישען אונז און פֿאַר אונז. עס איז ניטאָ און עס קען ניט זיין קיין גרויסער מאַן ביי יודען ווען מיר אַליין האַלטען איהם ניט פֿאַר גרויס, ווען מיר אַליין האָבען צו איהם קיין פֿאָלשטענדיגען פֿערטרויען. ניט פֿון אויסען נור פֿון אינווייניג מוז צו אונז קומען אונזער פֿיהרער, ניט פֿון אויבען אַראָפּ מוז ער אויף אונז קוקען, נאָר בעטראַכטען אונז אַלס זיינע גלייכע ברידער. מיר דאַרפֿען וויסען אַז אונזערע פֿיהרער, אונזערע פֿערטרעטער זענען גרויס נור ווייל מיר מאַכען זיי גרויס, ווייל זיי רעדען אין אונזער נאָמען, ווייל מיר שטעלען זיי אין דער שפּיטצע און פֿערלייהען זיי כבוד און גלאַנץ.. אָהן אונז זענען זיי גאַנץ געוועהנליכע מענשען, קיינער וואָלט זיי בעמערקט, קיינער וואָלט זיי ניט אַנערקאַנט, דאַרום דאַרפֿען זיי דאָס ניט פֿערגעסען, און נאָך מעהר דאַרפֿען מיר אַליין עס ניט פֿערגעסען און ניט לאָזען זיך טרעטען. מיר מוזען גאַנץ גענוי וויסען וועמען וועהלען וויר פֿאַר רבנים, פֿאַר ראַבינער, פֿאַר גבאים און פֿאָרשטעהער, וועמען שיקען מיר אַלס דעליגירטע צו אונזערע ציוניס־טישע קאָנגרעסען, מיר מוזען גאַנץ גענוי וויסען וועמען וועהלען מיר אַלס אונזערע פֿירשפּרעכער, וועמען גיבען מיר איבער אין האַנד אונזערע קינדער, אונזערע נאַציאָנאַלע גיטער. ניט אַבי וועמען, ניט וועך עס וויל דאָס נעמען אין די הענד זאָלען מיר דאָס איבערגעבען, נאָר דעם וואָס פֿערדינט עס, וועך עס איז ווערט, און מיר אַליין מוזען קענען אונטערזוכען, וויסען און פֿערשטעהן וועך איז ווערט צו זיין אַ ראש, אַ פּרנס ביי אונז.

נאָר צו וויסען און פֿערשטעהן מוז מען זיך אַביסעל בילדען, אַביסעל דיינקען — און דאָס קענען מיר, דאַצו האָבען מיר פֿעהיגקייט, מיר מוזען נור ווועלען.

און וויסען און פֿערשטעהן איז אויך נייטהיג, נייטהיגער מעג מען זאָגען פֿון אַלעס, צו ערציהען ווי עס דאַרף צו זיין אונזערע קינדער. מיר מוזען זיי ערציהען אין יודישען, אין נאַציאָנאַלען זינען, דאָס הייסט געוועהנען זיי פֿון קינדווייז אָן צו ליעבען, צו שעטצען אונזער פֿאָלק, צו גלויבען, צו האָפֿען אין זיין ווידערגעבורט, לערנען זיי גרינדליך אונזער הייליגע שפּראַכע, אונזער תורה און אונזער געשיכטע; מיר מוזען זיך בעמיהען מיט אַלע מעגליכקייט צו בילדען זיי איבערהויפּט, צו שטאַרקען זייער קערפּער און גייסט. אויך אונזערע טעכטער מוזען מיר אין דעם זעלבען זין ערציהען, זיי זאָלען זיין גוטע יודישע טעכטער זיי זאָלען קענען זיין גוטע, געזונדע מוטערס.

ערציהען אונזערע קינדער זיי זאָלען זיין עכטע יודען און מענשען, ערציהען זיי פֿאַר אונזער גרויסע צוקונפֿט, זיי זאָלען אונז, אונזערע אידעאַלען געהערען, געהערען מיט לייב און זעעלע — וואָס קען זיין אַ הייליגער חוב פֿון דעם?

און כדי מיר זאָלען קענען גוט, ווי עס דאַרף צו זיין, ערציהען אונזערע קינדער אַלס יודען און מענשען, מוזען מיר זיך אַליין ערציהען, אַליין שטענדיג פֿערפֿאָלקאָמנען. אונזער פֿינטעלע יודישקייט בעשטעהט דאַרין, אימער בעסער ווערען, אימער זיך ווייטער ענטוויקלען, העכער און ווייטער געהן, אימער אַרבייטען אויף אונזער אייגענע ערציהונג און פֿערבעסע־רונג און אויף די ערציהונג פֿון אונזערע קינדער אָדער בעקאַנטע און פֿערוואַנדטע, אימער זוכען און געפֿינען אין זיך נייע קראַפֿט צום ווידער געבורט, צום אויפֿלעבען. „ובחרת בחיים", דו זאָלסט אויסוועהלען דאָס לעבען, הייסט אונז אונזער תורה. און לעבען הייסט וואַקסען, ענטוויקלען זיך, קעמפּפֿען, זיעגען, קיינמאָל פֿערצווייפֿלען, קיינמאָל אויפֿהערען האָפֿען.

איבער זעלבסטערציהונג און דער ערציהונג פֿון אונזערע קינדער, איבער דעם פּראָגראַם וואָס מיר האָבען אויסצופֿיהרען אַלס יודען און אַלס מענשען אין איצטיגער צייט ווועלען מיר נאָך אָפֿטערס געלעגענהייט האָבען צו רעדען אינ'ם „יוד".

ברלין. ר. ברייני.

---

# קיין באזעל.

(פֿאָרטזעטצונג.)

## III.

איך זיין ווייטער אין וואַגאָן, נאָר שוין אין דריטער קלאַסע אין קאָפּע פֿאַר „ניכט־רויכער", עס איז אויך אַ שנעל־צוג, וואָס געהט ביז וויען נור צוואַנציג שטונדען. פּונקט עלף און דריי מינוטען געהט דער צוג אָב שטיל, אָהן געקלינגעריי, אָהן לויפֿעגישען, אָהן געפּילדער: נאָר די עלעקטרישע גלעקליך שוין ביים אַוועקגעהען שפּיעלען צו אַ גאָר שטילען „זייט־געזונד". אין וואַגאָן איז ענג, דאָס הייסט אַלע פּלעץ זענען פֿערנומען. פֿון דעסטוועגען שטופּט מען זיך ניט, מע זידעלט זיך ניט און מע פֿערנעהמט די פּלעץ גאָר אָהן מלחמה, — עפּיס גאָר שלא כדרך הטבע. איך זיין ביי'ם פֿענסטער און אַזוי ווי עס ווערט אַביסעלע הייס, בייג איך מיך אַרויס מיך אָנצושעפּען מיט פֿרישע לופֿט. דער קאָנדוקטאָר, וואָס געהט גראָד דורך דעם וואַגאָן, געהט צו צו מיר און ווייזט מיר אָן אויף אַ אייזערען בלעטיל, וואָס איז צו־געשלאָגען טאַקי ביי'ם פֿענסטער, וואו עס שטעהט אָנגעשריבען אויף דריי שפּראַך: פּויליש, דייטש און רוטעניש, אַז מע בעט זיך ניט אַריבער צו ביינען, ווייל דערפֿון קען אַרויסקומען איין אומגליק. דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען הער איך, אַז פֿון שטאַרק ביינגען זיך קען איין אומגליק אַרויס! פֿערקערט — כל־ימי האָב איך געהערט זאָגען גאָר, אַז „פֿון אַ איבריגען בייג טהוט דער קאָפּ ניט וועה", אַז אָהן בייגען זיך טויג מען גאָר אין גאַנצען אויף כפּרות, וכל המרבה הרי זה משובח, און וועך עס בייגט זיך מעהר, אַז וואָהל איז איהם...

אין קאָפּע איז לויטער דאַמען: נאָר אויף איין באַנק אין דער לינקער האַנד זיצען צוויי קסיאָנדזען אין שוואַרצען געקליידעט, מיט ברייטע זיידענע גאַרטלען, מיט שוואַרצע פּליאָשענע קאַפּעלישען — אין גאַנצען אַזוי ווי עס פֿלעגען זיך אַמאָל קליידען און קליידען זיך נאָך היינט אַ סך גאַנץ פֿרומע יודען. און קוקענדיג אויף די דאָזיגע קאַטאָלישע גלחים, אויף זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס, אָהן אַ סטאַן, אויף זייערע ברישלעקעס, האָב איך אַרויסגעזעהן בעשאַמפּערליך אַז דאָס גאַנצע קליידונג פֿון אונזער עלטערען דור איז פּשוט נאָכגעמאַכט די פּוילען. די צוויי קסיאָנדזען זענען געזעסען שטאַרק פֿערטיעפֿט אין קליינע ספרים'ליך, זעהר שיין געבונדען, מיט גאָלדענע שניטען, — אַזוי איז ביי זיי אַ דין, צי אַ מנהג, אַז וואו זיי שטעהען, וואו זיי געהען, אפילו ביי'ם שפּאַצירען האַלטען זיי פֿאַר די אויגען אַ הייליגען ספר, עס זאָל זיי, חלילה, ניט אַרויפֿקומען קיין פֿרעמדע מחשבות, אַ שטענער פֿון עולם־הזה. דאָס גאַנצע דענקען, דאָס גאַנצע טהון, דאָס גאַנצע לעבען — אַלס לשם שמים, נור תורה, עבודה און גמילות־חסדים. פֿון דעסטוועגען, האָטש זיי האָבען זיך גאָר אָבגעזאָגט פֿון אַלע מענש־ליכע תאוות און זענען זיך אין גאַנצען מקריב צו גאָט, זעהען זיי אויס גאָר ניט שלעכט דוקא; קיין עין־הרע גאַנץ פֿעטע בייכער מיט אָנגע־גאָסענע קייליכדיגע פּנימ'ער ווי די טעלער. אויף זיי זעהט מען טאַקי אַרויס בעשאַמפּערליך, אַז „לא על הלחם לבדו יחיה האדם", אַז מיט שינקען, געהאָדעוועטע גענז, גוטען וויין און כדומה, — קען מען אויך ווי עס איז אויסקומען...

נעבען מיר זיצט א בילד־שיינע נקבה פון א יאָהר צוואַנציג מיט א לויטער עדעל געזיכט, מיט עטוואָס פאַרביגע באַקען, א קלאָר ווייסען שטערען מיט גרויסע טונקעל־גרויע שיינע אויגען, מיט קאשטאַנענע האָר צינויפגענומען אין איין בינטעל, ווי א קרוין, מיט לאַנגע זיידענע ברעמען. דאָס גאַנצע איהרע קליידונג איז איינפאַך, אבער זעהר שיין מיט גרויסען געשמאַק. זי רעדט זעהר פריינדליך מיט די צוויי יונגע דאַמען, וואָס זיצען אַקעגען אונז. דאָס געשפרעך איז אויף פויליש, און אַזוי צוקער־זיס, מיט אַזוינע זיסע קוקען און שמייכעלען איינע אויף דער אַנדערע, אַז עס דאַכט זיך, אַט אַט וועלען זיי זיך צעקושען און צעגיסען זיך אין זיסע טרעהרען... אַזוי איז דער אַרט פון די פוילען. ביים רעדען לעגען זיי אַריין אין יעדען וואָרט אַזאַ קורטוב של דבש, אַז מאַקי אין אדם יכול לעמוד מפני ריחם, בפרט דער וואָס איז ניט געוואוינט. דאָרט די קסיאָנדזען האָבען אויף א ווילע אַוועקגעלעגט די ספרים אין אַ זייט און אויך זיך צערעדט מיט צוויי פולע דאמען, אַביסעל אין די יאָהרען, וואָס זיצען אַקעגען זיי און קוקען אויף זיי מיט גרויס אהבה און יראה, — און אַזוי איז פון דעם גאַנצען קאָפע געוואָרען א מין טייך, וואָס פליעסט מיט הוילע האָניג. פון דעם שרעקליכען זיסקייט האָט מיר אָנגעהויבען אַביסעל נישט גוט צו ווערען אויפ'ן האַרץ, דערצו איז די היץ געוואָרען גרעסער. איך האָב מיך אויפגעהויבען און האָב מיך אַביסעל אָבגעפרישט אויף דער פלאַטפאָרמע פון דעם וואַגאָן: נאָכדעם בין איך איבערגעגאַנגען אויף אַ ווילע אין אַנדערען טהייל וואַגאָן. דאָרט איז אַלעס געווען פערוויקעלט און פערדעקט מיט רויך, אַזוי ווי ביי דער צערשטערונג פון סדום און עמורה. דער גאַנצער וואַגאָן כמעט איז באַזעצט מיט יודען, אַלע, ווי געוועהנליך אין גאַליציען, אין לאַנגע קאַפּאָטעס ביז אין דער ערד, שרעקליך לאַנגע פאות, געקרייזעלט, ווי אַ שרויף, וואָס ציהען זיך ביז אין די אַקסלען: דער גרעסטער טהייל אין שיך און זאָקען, זעהר קויטיגע מיט אויסגעטרעטענע פּיאַטעס מיט פערשמאָלצעוויטע יאַרמולקעס אונטער די אויסגעריבענע קאַפעלישען אָדער אונטער די קאַרטוזליך, וואָס זענען פערריקט הויך אויף דעם שטערן. דער גאַנצער הולך איז שרעקליך אָבגעלאָזט, די האָר צעבאָרשטען, די באָרד צעשויבערט, אַלעס קויטיג, ניט נור די קליידער, אפילו די פנימער, גלייך ווי גאַנץ לאַנג ניט געוואַשען. אַלע האַלטען אין מויל לולקעליך מיט געבויגענע טשובוקליך, רויכערען און שפייען. זיי רעדען צווישען זיך שטאַרק הויך, גלייך ווי זי קריגען זיך און איינגאַנצען דער אַרט רעדען איז עפּיס ווילד, עפּיס אומגעלימפערט גאָר אָהן א קאַפּ האָניג. אויפ'ן ערשטען קוק ווייזען זיי אויס ווי מענשען, וואָס לאַכען זיך אויס פון דער גאַנצער וועלט און פון זיך אַליין נאָך מעהר ווי פון אַלעמען, לעגען ניט כבוד אויף קיינעם און בפרט אויף זיך אַליין. אַלעס הבל־הבלים — און רוף מיך קנאַקניסעל. איך זעץ מיך אַנידער אויף אַ עק באַנק און פּרוּוו מיך מיט זיי אַריינגעהן אין אַ שמועס אַריין. נאָר אויף יעדער פראַגע, אויף יעדער וואָרט ענטפערט מען מיר מיט אַ האַלב מויל און מע קוקט אויף מיר עפּיס ניט זעהר פריינדליך. איך זעה אַז ביי אַלע אויף די ליפּען ליעגט איין קשיא: „ווער האָט עס דיך אַהער געבעטען; וואָס קערסט דו זיך אָן מיט אונז?" נאָר איינער פון זיי ענטפערט מיר עפּיס פריינדליכער. דאָס איז אַ יונגער מאַנן, נאָך פון אַ יאָהר אַכט און צוואַנציג־דרייסיג, אַ גאַנץ טונקלער, מיט שוואַרצע געדעכטע האָר, מיט אַ שוואַרץ קליין בערדיל, מיט שוואַרצע קלוגע אויגען, אַביסעל אַ גראָבע נאָז, די אייבערשטע ליפּ אויך אַביסעל גראָב; ער איז אָנגעטהון פיעל ריינער און שענער ווי די איבריגע, און דאָס גאַנצע אויסזעהען זיינס איז פיעל פיינער, עדלער. ביסליכווייס האָב איך מיך מיט איהם צערעדט — דאָס איז אַ גאַנץ עדלער יונגער־מאַן, קען גוט לערנען, איז אָנגעלעזען אין דער נייער יודישער ליטעראַטור, לייענט אויך דייטש און פויליש, נאָר איז געבליבען פעסט ביי זיין שטרענגען גלויבען און ביי די געדאַנקען פון אַ שטרענג־פרומען־יודען. נאָך דעם, אַז איך האָב מיך מיט איהם צערעדט, האָבען די אַנדערע, וואָס זענען געזעסען נעבען איהם, אָנגעהויבען קוקען אויף מיר עטוואָס פריינדליכער און איינער, אַ יוד פון אַ יאָהר פופציג, וואָס איז געווען צעבאָרשטען מעהר ווי אַלע, האָט מיר אפילו מזכה געווען מיט די געוועהנליכע פראַגען: פון וואַנען איך בין, ווער איך בין, וואָס איז מיין געשעפט וואָהין איך פאָהר און נאָך וואָס איך פאָהר, צי האָב איך אַ ווייב און קינדער וכדומה. איך האָב ניט געענטפערט; פון דעסטוועגען איז ער ביי זיך ניט אראָבגעפאַלען און האָט מיר נאָך אַ מאָל פאָרגעלעגט די אייגענע שאלות, נאָר אַביסעלע אַנדערש. ער האָט ווי אַזוי עס איז, ביי מיר אַרויסדערטאַפּט, אַז איך פאָהר קיין באַזעל. — אַזוי? — פאָהרט עט'ן (איהר) קיין באַזעל? וואָס־זשע עט'ן האָט דאָרט אַ שטיקעל אַייסק (עסק)? — האָט ער מיך אָנגעהויבען פרעגען: און אַז איך האָב איהם געענטפערט, אַז קיין עסק האָב איך דאָרט ניט, האָט באַזעל ביי איהם פאַרלוירען דעם גאַנצען אינטערעס, און איך האָב אויך עפּיס ביי איהם בעקומען אַ פנים ווי חוזק און מעהר האָט ער מיך שוין ניט געפרעגט. וואָס פאַר־אַ ווערט, מינשטיינס געזאָגט, האָט באמת איין אָרט, אדער אַ מענש, גאָר אָהן אַ שטיקעל עסק. נאָר דער שוואַרצער יונגער־מאַן, אַז ער האָט דערהערט דעם נאָמען „באַזעל", האָט ער זיך נאָענטער צוגערוקט צו מיר און האָט מיך באַלד געפרעגט צי בין איך אַ „ציוניסט".

איך מוז זאָגען דעם אמת, אַז איך האָב זעהר פיינד די שאלה און האָב אויך ניט שטאַרק ליעב די אַלע מיני נייע נעמען: „ציוניסט", „פאַלעסטינעי'ן", „נאַציאָנאַליסט", וכדומה. ערשטענס—וואָס פאַר אַ פנים האָט עס, אַז מע טראָגט אויף זיך כסדר אַ מין בלעטיל מיט איין אויפשריפט: „אָט דאָס בין איך", אָדער, אַז מע שרייעט אין אַלע גאַסען: „רבותי, איך בין מכריז און מודיע, אַז איך בין דאָס און דאָס, איך דענק איך פיהל אַזוי און אַזוי". דאָס זענען זאַכען, וואָס דאַרפען ליגען טיעף איינגעוואָרצעלט אין האַרצען, אין גאַנצען אונזער נפש, און אַז ביי אונז אין האַרצען ליעגען די דאָזיגע געפיהלען דאַרפען ווייזען אונזער טהוען, אונזערע גאַנצע האַנדלונג און ניט דאָס בלעטיל מיט דער אויפשריפט, ניט דאָס אויסרופען. צווייטענס געפין איך אין דער שאלה און אין די בעזונדערע צונעמענישען אַ שרעקליכע בעליידיגונג: יעדער מענש מיט רעכטען פערשטאַנד, מיט רעכטע געפיהלען האָט ליעב זיין פאָלק, וויל, אַז זיין פאָלק זאָל לעבען גליקליך, דאָס הייסט פריי, זעלבסטשטענדיג, זאָל ניט דאַרפען האָבען צו פרעמדע אומות, זאָל קענען לעבען נאָך זיינע אייגענע מנהגים, נאַך זיינע אייגענע געזעץ, נאָך זיינע אייגענע געדאַנקען, וואָס דיא צייט האָט אויסגעאַרבייט, נאָך זיין אייגען גלויבען, זאָל רעדען זיינע אייגענע שפּראַך, מיט איין וואָרט — זיין פאָלק זאָל תמיד קענען זיין דאָס, וואָס עס איז אַליין, וואָס עס וויל זיין אַליין און ניט דאָס, וואָס אַנדערע ווילען, אַז עס זאָל זיין; וואָרום נור דאָס הייסט געלעבט, נור דערפאַר איז כדאי צו לעבען. שטעלט אייך פאָר, איהר געהט צו צו אַ דייטש, צו איין ענגלענדער, צו אַ גרעק, אַ באָלגאַר וכדומה, און פרעגט איהם בזה־הלשון: „זייט־זשע מוחל, מיין ליעבער דייטש, צי מיין טהייערער גרעק, איהר האָט ליעב אייער פאָלק, איהר וואָלט געוואָלט אַז עס זאָל תמיד בלייבען אַ בעזונדער פאָלק, אַ בעל־הבית ביי זיך, צי געפעלט אייך נאָר בעסער אייער פאָלק זאָל זיך אַ צייט אַרומשלעפען אין די הייזער פון איין פאָלק צו'ם אַנדערן און דערנאָך פערשווינדען צווישען אַנדערע, עס זאָל פון איהם קיין זֵכֶר ניט בלייבען? — ווייסט איהר, וואָס עס וואָלט געווען? — דער דייטש, אָדער דער ענגלענדער וואָלט אייך, אָדער אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם, וואָלט אַ שפּיי געטהון און אוועקגעגאַנגען; אַדער ער וואָלט געוואָרען אָנגעצונדען און אייך אָבגעשטעקט אַ פּאָר פלאַמענדיגע פּעטש. וואָרום אויף צו דענקען און צו פיהלען אַנדערש דאַרף מען זיין די נידריגסטע בּרִיָה אויף דער וועלט, אָדער גלאַט די גרעסטע בהמה, אַ מין שאינו־יודע־לישאול. דאָס זענען געפיהלען, וואָס די טבע פון דעם מענשען ברענגט אַליין צו זיי און זענען ביים מענשען אַזוי נאַטירליך, ווי עסען, טרינקען, דענקען, ליעב האָבען קינדער, ליעב האָבען עלטערן. דאַריבער דאַכט זיך מיר, אַז דער נאָמען „יוד" איז כולל אין זיך די אַלע מיני נעמען: „ציוניסט", „נאַציאָנאַליסט", „פאַלעסטינעי'ן" וכדומה. יעדער, וואָס איז אַ „יוד", האָט אַ רעכט יודיש האַרץ, מיט רעכטע מענשליכע געפיהלען, איז ניט קיין טומטום, קיין אַנדרוגינוס, קיין חרש שוטה וקטן, מוז ער האָבען די אייגענע געפיהלען צו זיין

פֿאָלק און שטערבען פֿאַר זיין פֿאָלק, אַזוי ווי עס שטערבט אַ מינדעסטער גרעק, אַ מינדעסטער באָלגאַר, אָדער מאָלדאַוואַן. אמת, צווישען אונז איז דאָ מעהר, ווי צווישען אַלע פֿעלקער, מענשען מיט פֿערדאָרבענע האַראַקטערען, פֿערדאָרבענע געפֿיהלען, מיט פֿערדאָרבענעם שכל, נידריגע קנעכט, וואָס שפּיי זיי אין פּנים, זאָגען זיי עס געהט אַ רעגען, טרעט זיי מיט די פֿיס, טרייב זיי ווי די הינד, שרייען זיי אַלס אין איין קול: „אהבתי את אדוני, לא אצא חפשי", איין עצרת־בוגדים, וואָס לייקענען אָב זייער פֿאָלק, זיך אַליין, שרייען אַז זיי זענען ניט זיי, יודען זענען ניט קיין יודען, וואָס וואָלטען זיך געשעצט פֿאַר גליקליך, אַז אַלע יודען זאָלען זיך צעשמעלצען צווישען אַנדערע, אַז עס זאָל פֿון זיי קיין זכר ניט בלייבען. און טאַקי ווייל ביי אונז זענען פֿאַראַנען אַזעלכע מיני נידריגע בעשעפּענישען, איז אין דער שאלה און אין די נעמען אַזאַ גרויס בעליידיגונג. עס איז פֿאַראַנען פֿעלקער, וואָס ביי זיי איז דאָ שרעקליך פֿיעל שכורים, גנבים. היינט געהט צו צו איינעם פֿון אַזאַ פֿאָלק און פֿרעגט איהם: „זייט זשע מוחל, פֿעטער, איאָ איהר זענט ניט קיין גנב, ניט קיין שיכור"? — איצט וועט איהר שוין פֿערשטעהען, פֿאַר וואָס איך פֿיהל מיך טיעף בעליידיגט, אַז מע פֿרעגט מיך צי בין איך אַ „ציוניסט", „נאַציאָנאַליסט" און זאָ ווייטער. עס איז ביי מיר אַלס איינס, גלייך ווי מע וואָלט עמיצען געפֿרעגט: „זאָגט, זייט מוחל, איהר האָט מענשליכע געפֿיהלען, צי זייט איהר גאָר עפּיס אַ מין פֿערדאָרבען נפש"?

דער יונגער־מאַן, גאָר אָהן חכמות און קלערענישען, האָט מיר באַלד געוויזען, אַז ניט נור איך דענק און פֿיהל אַזוי.

מיר האָבען זיך, פֿערשטעהט זיך, צערעדט וועגען דער נייער בעוועגונג, וואָס מע האָט איהר אַ נאָמען געגעבען „ציוניזמוס". איך האָב איהם געפֿרעגט ווי אַזוי שטעהט עס ביי זיי מיט דער בעוועגונג, צי איז דאָ אין גאַליציען פֿיעל, וואָס זענען צו איהר צוגעשטאַנען, וואָס זענען פֿאַר דער אידעע.

— „ווי הייסט — האָט ער מיר געענטפֿערט — יעדער יוד איז בוודאי פֿאַר דער אידעע" ווי קען דען זיין אַנדערש?

— אין אייערע „פּוילען מאָזאישער קאָנפֿעסיאָן" — האָב איך איהם געפֿרעגט:

— ווער רעדט פֿון די לייט — האָט ער מיר געענטפֿערט מיט אַ בייזער — דאָס זענען דאָך נידריגע געזעלען, וואָס ליעגען אונטער די פֿיס ביי דער שליאַכטע, וואָס פֿאַר יודישקייט איז אין זיי דאָ?

— נאָ, און וויפֿיעל גאַנץ פֿרומע יודען איז פֿאַראַנען, וואָס זענען שרעקליך אַקעגען דער באַוועגונג — האָב איך איהם ווייטער געפֿרעגט.

— „גאַנץ פֿרומע? — ניין, ביי די גאַנץ פֿרומע איז גאָר עטוואָס אַנדערש. מע דאַרף גאָר וויסען, וואָס צו פֿערשטעהן אונטער דעם וואָרט „פֿרומע". עס זענען דאָ זעהר פֿיעלע, וואָס דאַווענען, טהוען אַלעס, וואָס אַ יוד דאַרף טהון, און זענען גאָר ניט פֿרום, האָבען פֿערשטאָפּטע הערצער, פֿערשטאָפּטע געפֿיהלען, האָבען אין זיך קיין יודישען אָדער, אַזעלכע גיבט עס זעהר פֿיעל צווישען אונזערע רייכע אין גאַליציען. דאָס זענען מענשען אָהן רחמנות, ביי זיי איז אַלעס ערדעלע אָבגעשטאָרבען. זיי קימערען זיך ניט פֿאַר דעם פּרט, זיי קימערען זיך ניט פֿאַר דעם כלל. דער העלער *), דער גולדען—דאָס איז זייער גאָט, זייער אידעאַל, זייער פֿאָלק — אַלעס. פֿון זיי איז גאָר ניט צו רעדען, נאָך וועניגער ווי פֿון אונזערע פּאָלאָניזירטע יודען. יענע קריכען צו די פּוילען, שלעפּען אויף זיך אַרויף פּוילישען פּאַטריאָטיזמוס וועגען הויי־שעה, ווייל דער נידריגער אינסטינקט שטופּט זיי צו'ם שטאַרקערן. נאָר עס וועט קומען אַ צייט ווען דער זעלבער אינסטינקט וועט זיי שטופּען צוריק. פֿיעל האָבען שוין צוריקגעקערט. אָבער פֿון די שטיינער איז גאָר נישט צו האָפֿען. עס גיבט אָבער אמת'ע פֿרומע יודען, וואָס זענען ניט חלילה געגען דער אידעע, געגען דעם געדאַנק אַליין, נאָר די פֿאָרמע איז אונז עטוואָס פֿרעמד און אויך די אַגיטאַטאָרען און די אַגיטאַציאָנס־מיטעל. עס קומט אונז פֿאָר עטוואָס קאָמיש, אַז די יונגע דאָקטוירים קומען און אונזערע שטעדטליך אונז צו באַקערען צום „ציוניזמוס". עס איז דאָס איינענע זיי זאָלען קומען אונז צו באַקערען צום „יודענטום", אונז מגייר זיין. פֿערשטעהט זיך לעת־עתה האַלטען מיר זיך אַביסעל פֿון דער ווייטענס, ווייל ביז אַהער איז ביי אונז, אין גאַליציען, דער גאַנצער ציוניזמוס און די גאַנצע נאַציאָנאַלע־בעוועגונג בעשטאַנען נור אין רעדעס. און רעדעס דאַרפֿען מיר ניט. וואָס איז ציוניזמוס, נאַציאָנאַל־געפֿיהל, דאָס ווייסען מיר, דאָס פֿיהלען מיר בעסער ווי זיי. יודען דורך און דורך זענען מיר. דעם גאַנצען עול פֿו'ם יודענטום טראָגען מיר איבער, אַלע יודישע צרות, אַלע יודישע וועהטוגען טראָגען מיר איבער, פֿיהלען מיר מעהר, ווי אַלע. דערווייל האָבען זיי אונז נאָר ניט געבראַכט קיין נייעס. דער געדאַנק, וואָס מע רופֿט איהם יעצט ציוניזמוס איז אַלט אַזוי פֿיעל, ווי דאָס יודישע פֿאָלק. מיר האָבען קיין מאָל ניט אויפֿגעהערט צו זיין יודען, קיין מאָל ניט פֿערגעסען אונזער האָפֿנונג צו זיין אַ פֿאָלק אין דעם לאַנד פֿון אונזערע אבות־אבותינו. לאָזען זיך אַליין די יונגע דאָקטוירים פֿריהער אמת באַקערען — דאַן וועלען מיר זעהען. וועגען אונז — האָט ער געענדיגט — וועגען די אמת'ע אָרטאָדאָקסען, קענט עט'ן בלייבען גאַנץ רוהיג. אונז וועט עט'ן תמיד געפֿינען אין יודישען לאַגער. מיר דאַרפֿען ניט געהערען צו פֿעראיינען ציוניסטען צו זיין. מיר זענען עס און וועלען עס בלייבען עוויג.

איך האָב איהם געוואָלט עטוואָס ענטפֿערען געגען זיינע רעדע, נאָר דאָ זענען מיר געקומען קיין זלאָטשעוו און דער יונגערמאַן האָט געדאַרפֿט אַראָבגעהן. ער האָט זיך מיט מיר וואַרם, ברודערליך געזעגענט און געוואונשען פֿיעל גליק דעם קאָנגרעס און דעם יודישען פֿאָלק...

(פֿאָרטזעטצונג קומט) בן־עמי.

*) א האלבער קרייצער.

## די יודישע אוצרות.

(פֿאָרטזעטצונג.)

### ג.

אַ געזונדער גוף! דאַכט זיך, וואָס איז איבער דעם דאָ אַ סך צו טענה'ן? וואו וועט איהר געפֿונען עלטערן, בפֿרט נאָך יודישע, וואָס האָבען נישט ליעב זייערע קינדער און ווילען ניט מיט'ן גאַנצען האַרצען, מיט'ן גאַנצען לעבען, אַז די קינדער זייערע זאָלען זיין געזונד און שטאַרק אויף אַלע אֵברים? זאָגט עס אָבער נישט, ס'איז איבער דעם שטאַרק דאָ וואָס צו רעדען און צו טענה'ן. אמת טאַקי, אונזערע יודען האָבען סכנות ליעב און זענען שרעקליך געטרייע די קינדער און ווילען געוויס, ווי איינער וויל לעבען, אַז זיי זאָלען זיין תמיד פֿאָלקאָם געזונד און קיינמאָל נישט וויסען פֿון קיין וועטהיג; נאָר מע דאַרף אָבער נישט פֿערגעסען אַז מיט ווילען אַליין מאַכט מען נאָך גאָר נישט. די צרה איז, וואָס זעהר ווינציג ווייסען און פֿערשטעהען ווי אַזוי עס איז שטאַרק נייטיג אומצוקוקען זיך אויפֿ'ן קינד'ס גוף בעצייטענס, פֿון געבוירען אָן, און פֿערהיטען עס ווי ווייט מעגליך פֿון אַלערליי וועטהיגען און שלעק.

ווער קען עס לייקענען, אַ יוד איז אַודאי אין אַלע צייטען גרייט זיך מפקיר צו זיין פֿאַר'ן קינד, ער צאַפּעלט פֿאַר דעם ווי פֿאַר'ן שוואַרצאַפּעל פֿונ'ם אויג; פֿאַלט עס נור איין דאָס מינדסטע, לויפֿט ער שוין אין איין אָטהעם צו'ם רופֿא און לעגט איין די וועלט. דאָס אַלעס איז געוויס אמת, נישט דאָס אָבער איז אינגאַנצען דער עיקר. ביטער און פֿינסטער איז שוין דעמאָלט ווען דער גאַנצער גוף איז ווי אַ צעבראָכענער שאַרבען, עפּיס ווי איין אַלטער, אויסגעריבענער און פֿערפֿוילטער בגד, וואָס מע דאַרף אַלע רגע לויפֿען פֿעררעכטען, דאָ פֿערנייען דאָרט פֿערלאַטען... וואָיל איז נור די דאָזיגע עלטערן, וואָס זייערע קינדער זענען באמת געזונד און שטאַרק און דאַרפֿען נישט וויסען אַלע מאָל פֿון קיין רופֿא מיט רפֿואות.

געפֿונען זיך ביי אונזערע יודען אַ סך אַזעלכע גליקליכע עלטערן?

ווינציג, זעהר זעהר ווינציג. גאָר זעלטען וועט איהר געפֿונען אַ יודישע פֿאַמיליע אַלע דאָרט זאָלען זיין אינגאַנצען „רקו־הבריאה"

און נישט דארפֿען אָנקומען אָפּט צו'ם דאָקטאָר אָדער פֿיהרען גאַנץ נאָענטע בעקאַנטשאַפֿט מיט'ן אַפּטהעק. אויף חידושים מעג מען ווייזען אַזאַ גליקליכען יודישען פֿאַמיליענפֿאַטער, וואָס אַ היבשע צייט זאָל אַוועקגעהן און קיינער פֿון זיין הויזגעזונד זאָל נישט ליגען אויפֿ'ן קראַנקען בעט אָדער אַזוי קוים אַרומשלעפּען זיך און קרעכצען. אַנו פריווט נור געבען אַ פֿרעג די אַלע דאָקטורים גרויסע און קליינע, וואָס פֿרוכפֿערען און מעהרען זיך היינטיגע צייט ווי די פֿיש אין ים, פֿון וואַנען האָבען זיי די גרעסטע יניקה, פֿון וועמען ציהען זיי מעה־סטעג־טהייל שפע? פֿון יודען און ווייטער אַמאָל פֿון יודען. דאָקטורים אָהן אחינו בני ישראל וואָלטען געקענט האָבען אויף דער וועלט אַזאַ קיום פונקט ווי פֿיש אָהן וואַסער. אמת, אונזערע יודען, זאָלען געזונד זיין, האָבען גלאַט אַזוי נישט פֿיינד דעם עסק פֿון דאָקטערען זיך און לויפֿען אָפּטמאָל פֿערסאַפּעט צו'ם רופֿא ווען עס הלומט זיך נור, אַז עס טהוט וועה דער מינדסטע נאָגעל, ווער שמיעסט די פֿערמעגליכע ביי אונז, אָדער די כלומרשט פֿערמעגליכע, וואָס ווילען אין אַלצדינג נאָכטהון אונזערע גבירים... אָבער נאָך אַלע זאַכען ליידען אונזערע יודען פֿאַרט אַלערליי שמערצען און קרענקען טאַקי אויפֿ'ן רעכטען אמת, אַסך מעהר ווי די אַנדערע אומות־העולם.

יאָ, וואָס זאָלען מיר זיך נאַרען, אונזער פֿאָלק איז באמת שוואַך, מסוכן שלאַף, גאָר נישט אויף געלעכטער, נישט געמאַכט זיך. וואו אַ שטייגער, געפֿונט איהר טויט־בלאַסע פנימ'ער און ווינציג בלוט, וואָס בריינגט צו אַלערליי מיני קרענק? מעהרסטענטהייל ביי יודען. וואו קראַנקע, צערייצטע, גאָר משוגע־צעלאָזטע נערוועןָ? ווייטער ביי יודען. וואו קאָפּוועהטיג, האַרצוועהטיג און נאָך אַנדערע פֿערשיעדנע גאָר משונה וועטהיגען? אַלין ביי יודען, גאָר נישט דער ערך מעהר ווי ביי יעדער אומה ולשון אויף דער וועלט. מיט איין וואָרט, אונזערע יודען, מעג מען זאָגען, האָבען שוין „עקספּלואַטירט" אַלע מכות און פֿאַר זיך צוגענומען פֿון זיי דעם גרעסטען און בעסטען חלק. ס'איז שוין באַלד דאָ אפילו אַזעלכע מינים הולאת'ן, וואָס זענען כמעט גאָר איינגאַנצען יודישער „מאָנאָפּאָל", אַזוי אַז מיט דער צייט וועלען די נייעמאָדענע יודען אונזערע, וואָס געזונדטערהייט לאָזען זיי בשום אופן נישט דערקענען אויף זיך קיין זכר פֿון קיין פינטעלע יוד, זיין גוט אין דער קלעם ק ר אַ נ ק ע ר ה י י ט נעביך; דאָס הולאת וועט אויסזאָגען דעם סוד פֿון חדר און אויפֿ'ן קראַנקען בעט וועט זיך מוזען אַרויס־ווייזען פֿון וואַנען זיי שטאַמען אַרויס...

און די כלומר'שט געזונדע, וואָס געהן אַרום און ליעגען נישט צו בעט, מישטיינס געזאָגט, וואָס פֿאַר אַ פנים האָבען זיי? געהט נור אַרויס בעטראַכט אונזערע ברידער אין די גאַסען, אויף די בולווארען: איהר זעהט האָטש אונזערע יונגע לייט, די גבורי־ישראל? אַז אָך און וועה צו אַזאַ גבודה! געגוג צייכנען זיך אויס שטאָדט־מענשען בכלל מיט זייער שטאַרקייט, ווייל זיי זענען ווייט פֿון די פֿרייע פֿעלדער, אָפּגעריסען פֿון דער ליעבער נאַטור. — קען מען אונזערע לייט, נישט־קשה, אפילו צווישען די שטעדטיגע אויך ווייזען אויף הידושים: קליינע נפשות, אויסגעבלייכטע, אויסגעטריקענטע, אויסגעדאַרטע, אָהן זאַפּט און קראַפֿט, ווי אויסגעקוועטשטע לימאָנעס, שרעקליכע סקעלעטען, הוילע הויט און ביינער, עפּיס נור ווי שאָטענס דרעהען זיך אַרום, נישטאָ וואָס אָנצונעהמען, נישטאַ אויף וואָס צו קוקען...

היינט ווער שמיעסט נאָך אונזער ש וו אַ כ ע ר מ י ן, היינטיגע יונגע פֿרויענצימער. דאָ איז גאָר אַ שרעק. אמת טאַקי, אַ היינטוועלטיגע פֿריילין אָדער דאַמע געהט אַרויס אויף דער גאַס „בעהאַנגען און בע־קלאַנגען", אַזוי אַז זי קומט אויס זעהר אָפּט אַ „פֿאָלנע" מענש, דאָס פנים בלוט און מילך: נאָר ווער ווייסט נישט אַז אָפּטמאָל איז דאָס אַלין נור פֿאַר לייטען, גלאַט „יוצא" צו זיין פֿאַר דער וועלט אין די אויגען, אין תוך אַריין אָבער איז דאָס מעהר נישט ווי אַ שרעקליך שוואַך וועזען, וואָס בעשטעהט נור פֿון הוילע טריקענע ביינער מיט אומגעלימפּערטע נערוועןָ: וואָס האָט זיך שטענדיג צו בעקלאָגען אויף פֿערשיעדענע וועהטיגען און שמערצען, אינערליכע און אויסערליכע, מאָדנע און נישט מאָדנע; וואָס פֿאָהרט, אויב ס'איז דאָ נור עפּיס א מעגליכקייט, אויף דער קור אין אויסלענדערישע בעדער, אויף די „לימאַנען", און אַזוי שטענדיג האַלט זי זיך אין איין דאָקטערען, און קוים וואָס עס האַלט זיך אין איהר די יונגע נשמה...

און פֿון אַזאַ יונגען דור וואָס פֿאַר אַ גבורות קען מען האָפֿען אויף ווייטער?

וואָס ווייטער געהט אַלין ערגער און ערגער, און ווי עס פֿיהרט זיך ביי אונז כסדר קען גאָר אַנדערש נישט זיין. איהר דאַרפֿט וויסען אַז דאָס געוויסע ירושה־געזעטץ, וואָס בעשטימט פֿעסט אַז עלטערן גיבען איבער בירושה זייערע קינדער נישט נור געלד און חפצים, נאָר אויך מעלות און חסרונות, סיי קערפּערליכע סיי גייסטיגע, — דאָס דאָזיגע געזעטץ איז זעהר גרויס און שטאַרק, און עס העלפֿט צו דעם נישט קיין שום פשט'ליך מיט קיין אויבער־הסברות. לויט דעם קומט אויס, אַז אויב די פֿאָטער און מוטער ביידע זענען קרענקליכע מוז ביי אַזאַ פֿאָר־פֿאָלק געבוירען ווערען קינדער, וואָס געהען נאָך איבער די עלטערן אין שוואַכקייט.

היינט אויב אַזוי וועט זיין ווייטער, ווי איצט, אויב די יודישע עלטערן וועלען זיך נישט אומקוקען ווי עס דאַרף צו זיין אויף די קינדער אָפּצוהיטען זייער שוואכען גוף פֿון קינדווייז אָן, אויב זיי וועלען זיך נישט לערנען, וויא אַזוי צו זיין נישט בלינדע נאָר אמת געטרייע עלטערן, צו וויסען און פֿערשטעהן ווי אַזוי און פֿון וואָס אָפּצוהיטען די קינדער, — מיט איינעם וואָרט, אויב עס וועט אַזוי געהן ווי עס געהט, ווער ווייסט צי עס וועט נישט קומען גיך אַזאַ צייט, וואָס אויף גאָט'ס פֿאָלק וועט מען כמעט קענען זאָגען דעם זעלבען שבח, וואָס אויף גאָט אַליין: אין לו דמות הגוף ואינו גוף — ער האָט נישט קיין פֿאָרמע פֿון קיין גוף און ער איז טאַקי גאָר נישט קיין גוף!...

---

ד.

אין לו דמות הגוף ואינו גוף — דאָס איז אַ גוטער שבח טאַקי נור אויף גאָט, אָבער אַ מענשען זאָל גאָט אָפּהיטען פֿון אַזעלכע שבחים, פֿון אַזעלכע מעלות. אַ מענש מוז זיין א ב ש ר־ו ד ם, אַ נישט איז ער טאַקי גאָר קיין מענש ניט...

דאָס איז נישט קיין קלייניגקייט, נישט קיין געלעכטער, רבותי! דאָס יודישע פֿאָלק איז פֿון דער דאָזיגער זייט זעהר מסוכן: אַ פֿאָלק פֿון הוילע רוהניות קען נישט האָבען קיין פֿעסטען יסוד אויף אונזער עולם־השפל. אויף דער זינדענער וועלט מוז שפּילען רער זינדיגער גוף אויך נישט קיין קליינע ראָלע, און אָהן אַ געזונדען קערפּער איז דאָס פֿאָלק (עס מעג זיין אַ עם חכם ונבון און האָבען וואָס פֿאַר אַ הויכע נשמה) גאָר פֿערפֿאַלען, עס קען נישט אויפֿקומען, עס קען אפילו קיין האָפֿנונג נישט האָבען אויף קיין רעכטען קיום. אַזוי ווי אַ איינציגער מענש קען שטאַרבען ביי'ם קלאָרען שכל, ווען עס לאָזען זיך איהם אויס די כוחות פֿונ'ם גוף, אַזוי קען אַ גאַנץ פֿאָלק אויך געהן פֿון דער וועלט צוליעב דעם פשוט'ן חומר. די וועלטגעשיכטע האָט שוין גע־וויזען אַזעלכע ביישפּיעלע, אַז פֿון גאַנצע פֿעלקער איז געוואָרען אַ תל און זענען פֿאַר דער צייט פֿערשווינדען געוואָרען פֿון דער וועלט, נור דערפֿאַר וואָס זיי זענען קערפּערליך געוואָרען אַלין מעהר ענטאַרטעט און אויסגעטריקענט.

יאָ, דאָס יודישע פֿאָלק איז אין אַ שרעקליכער סכנה. דאָס פֿאָלק וואָס האָט שוין איבערגעלעבט אַלערליי יסורים פֿון חבוט־הקבר, וואָס אין אַלע צייטען האָבען זיך די ישונאים געלעגט אויף איהם און אויס־געטראַכט אַלערליי מיתות־משונות אומצוברייגגען איהם און עס האָט זיי קיין זאַך נישט געהאָלפֿען, — דאָס דאָזיגע פֿאָלק, וואָס איז אַזוי שטאַרק אין גייסט, קען חלילה געהן צו גרונד אַליין פֿון זיך, אויב עס וועט זיך נישט נעהמען ערנסט אומקוקען אויפֿ'ן חומר, ווי עס געהער צו זיין, אָפּהיטען, שטאַרקען און קרעפֿטיגען דעם גוף.

אמת, היינטיגע צייטען איז מען דעם גוף דוקא נישט מבטל, מע פֿערלאָזט איהם נישט ווי אַ מאָל, מע פּייניגט איהם נישט מיט תעניתים, מיט סגופים, אַדרבא, מע קוקט זיך אויף איהם שטאַרק אום, אַ סך מעהר ווי אויף דער זינדיגער נשמה, מען קוקט אָבער נישט אין

דער זייט וואו מע דארף — אָט דאָס איז אײנגאַנצען דער אומגליק, וואָס קומט אַרויס דערפֿון וואָס היינט האָט עולם־הזה אויך אַ היבשען ווערטה און קיינער וויל שוין נישט לעבען ווי־עס־איז, גלאַט אָפּצושטופען דאָס נאַרישע וועלטיל, אַז מיר ווייסען נאָר נישט און לערנען זיך נישט צו ווייסען ווי אַזוי צו פֿיהרען אַ רעכט געזונד לעבען, און נאָך מעהר הייבען מיר נישט אָן צו וויסען, ווי אַזוי צו שטעלען דאָס לעבען פֿון אונזערע קינדער, אָפּצוהיטען זייער שוואַכען חומר ווי עס דאַרף צו זיין, פֿערקעהרט גאָר, גלייך ווי אויף צו להכעיס טהוען אונזערע יודען אַלע מעגליכקייטען עס זאָל אויסקומען פונקט קאַפּויר, עפּיס נור ווי זיי זוכען אומיסטען מיטלען וואָס מעהר אָפּשואַכען דעם גוף, איבערהויפּט ביי די קינדער, אויסטריקענען, צעברעכען איהם, ער זאָל זיין נישט אַנדערש נור טאַקי משול כחרס הנשבר...

נעהמט, אַ שטייגער, ריינקייט. ווער פֿערשטעהט נישט אַז ריינקייט איז געוויס איין טייערע און נייטיגע זאַך אויף דער וועלט? וואָס פֿאַר אַ יוד ווייסט נישט אַז אומריינקייט איז אַ אמת'ע טומאה און צו לעבען אין דער טומאה איז איין עבירה פֿאַר גאָט? נאָך אַז די יודען האָבען זיך אַרומגעשלעפּט אין דער מדבר און נישט געוויסט פֿון קיין געפּוצטע זאַלען מיט טייערען מעבעל, האָט זיי גאָט שטרענג פֿערזאָגט אַז זיי זאָלען זיין זעהר געהיט אין דעם ענין פֿון ריינקייט, אַז נישט וועט ער צו זיי קיינמאָל זיך נישט ווייזען; וואָרום אין דער „אמת'ן“ איז דער מענש אין אומריינקייט גאָר קיין מענש נישט און ווערט אָן איינגאַנצען דעם צלם־אלהים. אויף אונזער גרויסען נשיא הלל־הזקן דערצעהלט אונז די גמרא, אַז אָפּטמאָל פֿלעגט ער גיך געהן פֿון בית־המדרש און אַז די תלמידים האָבען איהם געפֿרעגט, וואוהין ער איילט זיך אַזוי, האָט ער אַלין געענטפֿערט, ער לויפֿט אַ מצוה צו טהון. אויף דער שאלה וואָס דאָס איז פֿאַר אַ מצוה, האָבען זיי בעקומען אַ קלאָרע תשובה: אָפּבאָדען זיך! דען אומעדום היט מען שטאַרק אָפּ אַ בילד פֿון אַ מלך אָדער אַזוי אַ גרויסען שר. עס זאָל אויף דעם קיין ברעקיל שטויב נישט בלייבען ליגענן און זאָל זיין שטענדיג ריין און זויבער, היינט ווי דאַרף זיך האַלטען ריין אַ מענש, וואָס אויף איהם ליגט דער צלם־אלהים... אויסער דעם אַלעמען האָט דער מענש פּשוט אין זיך אַליין אַ מצוה, ווען ער איז שטאַרק געהיט אין ריינקייט, ווייל ער פֿערהיט זיך דערמיט פֿון אַ סך מכות און שלעק, וואָרום וואָס פֿאַר אַ צרות, וואָס פֿאַר אַ פּגעים און בייזע אַנשיקענישען קומען נישט אַרויס פֿון אומריינקייט?

היינט בעטראַכט נור, ווי האַלט עס ביי אונזערע יודען מכח דעם ענין פֿון ריינקייט? וואָס זאָלען מיר זיך דאָ נאַרען, מע מוז זאָגען דעם ריינעם ביטערען אמת, אַז מיט דער דאָזיגער מעלה צייכנען מיר זיך ווינציג, זעהר ווינציג אויס. מיר וועלען נאָכטהון הלל'ן צום סדר מאַכען „כורך“ ווי ער, אָבער זאָגען כסדר „כן עשה הלל“ און ווי ער טאַקי מקיים זיין די מצוה פֿון ריינקייט, ווי עס דאַרף צו זיין, אויף דעם געפֿינען זיך ביי אונז נישט קיין סך בעלנים, אפילו צווישען די פֿרומע, וואָס זענען כלומר'ש געהיט אין וואַשען זיך, אין רייניגען זיך.

פּריוונט נור געהט זיך דורך אין איינע פֿון די יודישע קליינע שטעדטליך אין די רעכטע יודישע געסליך, וואָס וועט זיך אייך וואַרפֿען אין די אויגען? בלאָטע און מיסט, מיסט און בלאָטע. אָט האָט איהר פֿאַר אייך די שול, דער מקום־קדוש. שוין פֿון דרויסען איז אַ שרעק צו קוקען, בעטראַכט די ווענט אַרום און אַרום, ווי עס רינט פֿון זיי פֿון אַלע זייטען, גלייך ווי זיי גיסען מיט טרערען וואָס זיי זענען אַריינגעפֿאַלען אין יודישע הענד... נישט וועלענדיג מוז מען אויס־שרייען: מה נורא המקום הזה — ווי שרעקליך זעהט אויס דאָס אָרט, אין זה כי אם בית אלהים — דאָס קען טאַקי נור זיין אַ יודישע שול!... היינט וואָס קען נאָך זיין אַ גרעסערער חלול־השם?

לאָזט זיך אַריינגעהן אין איינע פֿון די אָרמע הייזליך, און אפילו פֿון אַביסעל רייכערע הייזער — בלאָטיג און שמוציג פֿאַר דער טהיר און נאָך דער טהיר: בעטראַכט דעם שיינעם „הולך“ פֿון דער בעל־הבית־טע די אשת־חיל, בעטראַכט די פּיצליך קינדערליך מיט די פֿערשמירטע הענטליך און פּנימ'ליך, מיט די קויטיגע בלאָטיגע העמדליך,

לאַבסאַרדאַקליך און „קאַפּאָטקעליך“; קוקט זיך צו וואָס פֿאַר אַ רייכע שפע עס געפֿונט זיך אין שטוב אין יעדער ווינקעלע, מיסט און שמוטיץ איבער'ן קאָפּ, נישט־קשה, פֿאַר פּסח וועט דאָ זיין אַרבייט קיין עין־הרע גאָר היבשליך...

און אין גרעסערע שטעדט, מיינט איהר, געהט עס צו אפשר פֿיעל בעסער? ניין, אַ גרויסער טעות. מעהר נישט וואָס אין דער גרויסער שטאָדט איז דער שמוטיץ אַביסעל פֿערשטעלט, פֿערדעקט פֿון אויבען, פֿאַר דער וועלט, אַביסעל אָפּגעפּאַרבט פֿון דרויסען, אָפּ־געפּאָלירט אַזוי אַז עס האַפּט אַ גלאַנץ אויף צו פֿערבלענדען די אויגען, אָבער אין תוך אַריין איז דאָס אומריינקייט דאָ אויך גרויס און שטאַרק, אַז ס'איז אַ פּחד, אַ שרעק צו קוקען.

אמת, טאַקי, דאָס אָרימקייט ביי אונזערע יודען איז זעהר שרעקליך. דאָס יודישע עשירות איז נור גרויס אין פֿרעמדע אויגען, אָבער מיר ווייסען דאָך גוט ווי ווינציג געפֿונען זיך ביי אונז גליקליכע, וואָס קענען אויספֿיהרען לעבען ברייט אָהן דחקות, ווייטער דעם גאַנצען עולם קוועטשט דער שרעקליכער דלות ווי מיט אייזערנע צוואַנגען, פֿער־שלאָגט דעם קאָפּ אַז די גאַנצע וועלט ווערט נמאס. דאָס איז אָבער אַלין נישט קיין תירוץ, ביי אַ „בריה“, נישט־קשה, קען דער דלות אויך געהן אַרום זיך ריין און זויבער, און אָהן בעדיענטע קען מען אויך מאַכען אַז עס זאָל, ווי מע זאָגט, שפּיגלען יעדע זאַך, זינגען אין יעדער ווינקעלע. מע דאַרף נור וועלען. איז גאָר נישט אַזוי שווער צו ווערען אַ בריה און איינפֿיהרען ביי זיך ריינקייט אויף תמיד, אויף אַלע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָהר, נישט נור אויף הידורשים, אויף פּסח צו'ם „סדר“, צו דער „מלוכה“. מע דאַרף נור אמת פֿיינד האָבען שמוטיץ, פֿיהלען און וויסען אַז אומריינקייט איז דאָס ערגסטע זאַך אין דער וועלט, מיאוס פֿאַר זיך און פֿאַר יענעם, אַ שרעקליכער גיפֿט פֿאַר יעדען בעזונדער, און איבערהויפּט תמיד האָבען אין זינען, אַז דאָס איז איין שעדליכע זאַך פֿאַר די קינדער, אַ אמת'ער סם־המות וואָס פֿער־ניפֿטעט זיי דאָס יונגע בלוט און לאָזט זיך דערנאָך פֿיהלען אויף זייער גאַנץ לעבען. (פֿאָרטזעטצונג קומט) ר.

## וואָכענדיגע ערצעהלונגען.

פֿון מ. ספּעקטאָר.

### א. איין אָרום מאָל־צייט.

מען האָט מיך פֿערבעטען אויף אַ חתונה.

ניט אויף אַ האָכצייט מיט דעקאָלטירטע דאַמען און פֿריילין, פֿון וועלכע עס שיט זיך פּודר, מענער אין פֿראַקען מיט ווייסע האַנד־שוה, אַננעשמירטע וואָנסען, פֿון וועלכע עס שמעקט מיט שוואַרצע פּאָמאַדע.

ניט אויף אַ האָכצייט וואו מען עסט פֿון אַ געדרוקט צעטעל: פֿיש אַ לאַ פּרינץ דיע־וויע, בוליאָן — לאַ פּאַליוס, פֿלייש־דיפּלאָמאַטיק; סאַלאַט — גרין־גאַל; דעסערט — פֿי־פֿיא; וויין פֿון סאַבעסקעס צייטען, ד. ה. פֿון אויסגעשמירטע פֿלעשער מיט היינטיג־יאָהריגע בלאָטע.

מען האָט מיך פֿערבעטען אויף אַ יודישע חתונה. אַ חתונה וואו יודען און יודישע טעכטער געהען געקליידעט אין די זעלבע שבת־יום־טוב'דיגע קליידער, אין וועלכע זיי געהען אין שול אַריין.

אַ חתונה וואו מען פֿערבייסט מיט לעקעך און שטראָדעל: מען עסט שבת'דיגע פֿיש מיט פֿרישע בילקעס, גילדענע יויך, געפֿילטע הינדליך, געבראָטענע קאַטשקעס און וויין טרינקט מען פֿון גרויסע ווייסע ליטערע פֿלעשער.

אַ חתונה מיט אַ אויפֿריפֿענס, אַ פֿאַר־שפּיעל, אַ דאַבראַניטש, אַ חתן־מאָל און מיט איין אָרום מאָל־צייט.

ר' יצחק־אייזיק בערקאָווער האָט אויף אַלע זיינע קינדער'ס חתונות געמאַכט איין אָרום מאָל־צייט, און איצט אויף זיין מוזינקעס חתונה האָט ער אויך פֿערבעטען אַלע אָרימע לייט פֿונ'ם שטעדטיל

ליפּאָוועץ צו זיך אין דאָרף אריין, וואו ער האָט זיינע אַלע יאָהרען געוואָהנט.

עס איז שוין דער הופה־טאָג, שוין צוויי א זייגער און די אָרומע לייט, נאָך וועלכע מען האָט נאָך אין דער פריה געשיקט אַ משרת מיט דריי גרויסע וועגען, זענען נאָך ניט דאָ. קיין ליפּאָוועץ איז אין גאַנצען פינף ווערסט. וואָס קען עס זיין? אַלע מחותנים און די געסט וואַרטען מיט דער הופה.

ענדליך לויפט דער משרת רייטענדיג אויף א אויסגעשפּאַנט פערדיל, נאַר אָהן די וועגען און אָהן די אָרומע לייט.

— וואָס איז צוריק אַליין? — האָט ר׳ יצחק־אייזיק געפרעגט.

— די אָרומע לייט ווילען ניט פאָהרען — האָט דער משרת, אַראָבקריכענדיג פון פערד, געענטפערט.

— וואָס הייסט זיי ווילען ניט? — האָבען אַלע פערוואונדערט געפרעגט.

— זיי זאָגען אַז מען וועט זיי ניט טהיילען יעדען בעזונדער צי קערבליך וועלען זיי ניט פאָהרען אויף דער חתונה.

אלע האָבען זיך צולאַכט. דער משרת האָט ווייטער דערצעהלט:

— אין ליפּאָוועץ איז היינט אויך געוועזען אַ חתונה מיט איין אָרום מאָל־צייט, האָבען זיי זיך אָנגעגעסען און אָנגעטרונקען, און איצטער בונטעווען זיי זיך, אַז מען וועט זיי ניט טהיילען קיין קערבליך רירען זיי זיך ניט פון אָרט. מעהר פון אַלע בונטעווען די אָרומע לייט דער קרימער מיט דיביידע קילעס, דער לאַנגער מקבל, פייטעל הי־קעוואַטע און יעקעל פאָנפאַטש; די אָרומע לייט וואָלטען אפשר גע־פאָהרען, נאָר זיי לאָזען ניט. נו האָב איך ניט געוואוסט וואָס איך זאָל טהון, איך האָב מיט זיי אַ גאַנצע שעה געטענה׳ט און גאָר נישט אויסגעפיהרט, האָב איך אויסגעשפּאַנט אַ פערד און בין געלאָפען אייך פרעגען וואָס טהוט מען.

מיר אַלע האָבען ניט אויפגעהערט צו לאַכען פון די אָרומע לייט׳ס סטאַטשקע, נאָר ר׳ יצחק־אייזיק איז זעהר אין כעס געוואָרען.

— נו, און די האָסט זיך גערינגען, זיי ווילען ניט ביליגער? — האָט ער געפרעגט דעם משרת.

— יאָ, גערינגען זיך, זיי ווילען ניט נאָכלאָזען קיין קאָפּיקע.

— אַזוי טייער איז ביי זיי די סחורה געוואָרען? — האָט ר׳ יצחק־אייזיק זיך אָנגעריפען מיט אַ בעזען געלעכטער — פאַר וואָס־זשע האָסט דו נאָך דאָרט איבערגעלאָזט די וועגען, מיר וועלען זיך בע־דרעהען אָהן די שלעפּערס.

— איך וייס, איך האָב ניט געוויסט וואָס צו טהון, איך האָב מורא געהאַט איהר זאָלט ניט שרייען אויף מיר. איך וועל איצט לויפען ברענגען די וועגען.

— וואַרט אויס, לויף ניט, האָב צייט אַביסעל...

ר׳ יצחק־אייזיק האָט אָנגעהויבען טענה׳ן מיט די געסט און מיט זיך אַליין.

— וואָס הייסט עס? וואו איז דאָס געהערט געוואָרען? אָרומע לייט זאָלען מיר זאָגען אַ דעה, זיך דינגען מיט מיר דערפאַר וואָס איך וויל זיי זאָלען אויך עסען אַ גוטען מיטטאָג און געבען יעדען אַ שענע נדבה. צי קערבליך זאָל איך זיי געבען! ווען ניט בעשטעהען זיי ניט, חאַ, חאַ, האַ! און אַז איך וועל זיי טהיילען צי צוויי גילדען לוינט זיי ניט? עס קאָסט זיי טייער אין קראָם אַריין? — אַזאַ עזות פון אָרומע לייט! האָפּט זיי דער וואַטענמאַכער, איך וועל זיך בעדרעהען אָהן זיי.

— כלי זמר, שפּיעלט! וואו איז דער שמש? מע קען שוין באַזעצען די כלה.

נאָר באַלד האָט ער אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד.

— וואַרט נאָך אויס אַביסעל. עס איז נאָך פריה... פאַר וואָס קומט עס מיר מען זאָל מיר פאַרשטערען מיין שמחה? שוין־זשע זאָל איך חתונה מאַכען מיין מוזינקע אָהן אַ אָרום מאָל־צייט! איך וואָלט זיי געטהיילט צו האַלבע קערבליך, עס גערהט מיר ניט אין געלד, נאָר וואָס הייסט דינגען זיך מיט מיר? נו מילא, איך האָב מיינס געטהון, זיי ווילען ניט — דאַרף מען ניט, זיי וועלען שפּעטער חרטה האָבען; ניט אַלע טעג טרעפט זיך פאַר זיי אַזוינע חתונות, מיר וועלען זיך בעדרעהען אָהן זיי.

— נו, מען קען שוין באַזעצען די כלה? — איז צוגעגאַנגען דער שמש און געפרעגט ביי איהם.

— מען קען שוין... ניין, מען זאָל נאָך אַביסעל וואַרטען...

כמעט אַלע געסט האָבען מיט כעס געשריגען אַז מען זאָל זיך באַגעהן אָהן די שלעפּערס.

ר׳ יצחק־אייזיק׳ס געזיכט האָט זיך פלוצים איבערגעביטען, דער כעס איז אַראָב און זיך געווענדעט מיט אַ בקשה צו מיר און צו נאָך אַ פּאָר פריינד פון זיינע געסט, מיר זאָלען פאָהרען אין שטעדטיל איבעררעדען מיט די אָרומע לייט.

— ער האָט קיין שכל ניט, מען קען זיך אויף איהם ניט פער־לאָזען — האָט ער אָנגעוויזען אויף דעם משרת.

מען האָט געשפּאַנט אַ פערד און וועגעל און מיר זענען אַ וועק־געפאָהרען. דער משרת איז אויך מיט דעם אויסגעשפּאַנטען פערדיל אונז נאָכגעלאָפען.

— אַ בונט פון אָרומע לייט, ווי געפעלט עס אייך — האָבען מיר דעם גאַנצען וועג גערעדט צווישען זיך — איך האָב געהערט אַ בונט פון אַרבייטער, זיי ווילען ניט אַרבייטען מען זאָל זיי צאָהלען טייערער, און דעסטגלייכען, אָבער אַ בונט — אַ סטאַטשקע פון אָרומע לייט — אָרומע לייט זאָלען וועלען העכערען דעם פרייז פון דער נדבה פאַר אַ אימזיסטיגען מיטטאָג, דאָס האָב איך נישט געהערט.

אין צוואַנציג מינוט זענען מיר שוין אַריינגעפאָהרען אין שטעדטיל.

אין מיטען שטעדטיל אויף דעם מאַרק־פּלאַץ זענען געשטאַנען דריי גרויסע בויערשע וועגען אָנגעפּאַקט מיט פרישע שטרוי. די קליינע פערדליך האָבען, שטעהענדיג אויסגעשפּאַנט, געגעסען פון די טאָרבעס; אַרום די וועגענס זענען געשטאַנען אַ הונדערט אָרומע לייט, שטימע, הינקענדיגע, און דאָס מעהר בלינדע, און כמעט אַ האַלב שטעדטיל ווייסע חברה מיט אַזוי ליידיגעהער.

אַלע האָבען ווילד געשריגען און גערעשט.

דער קרימער איז געזעסען אויף דער פיהר און געקלאַפּט מיט די קילעס אין וואָגען; דער לאַנגער מקבל מיט אַ רויטען פלאַסטער אויף דעם האַלז איז געשטאַנען נעבען קרימען.

די ביידע הויפּט־בונטאָווטשיקעס האָבען גערעדט צום פאָלק — צו די אביונים.

— האַ, האַ! — האָט דער לאַנגער מקבל געשריגען, ווי ער האָט אונז מיט דעם משרת דערזעהען — זיי פאָהרען אונז שוין בעטען.

— בעטען! — האָט דער קרימער געזאָגט און אַ קלאַפּ געטהון מיט די קילעס.

— פאַר וואָס פאָהרט איהר ניט אויף דער חתונה? אויף דער סעודה? -- האָבען מיר געפרעגט — נדבות וועט מען יעדען געבען.

— וויפיעל? — האָבען אַלע געפרעגט.

— מיר ווייסען ניט, וויפיעל מען וועט אייך געבען אַזוי פיעל וועט איהר נעהמען. —

— צי קערבליך וועט מען אונז געבען? אַז ניט פאָהרען מיר ניט.

— וועט זיין אַ לאָך אין הימעל אַז איהר וועט ניט פאָהרען — האָבען זיך אָנגערופען איינינע פון די ווייסע חברה.

די אָרומע לייט האָבען זיך געוואָרפען אויף זיי מיט די שטעקענס. עס איז געוואָרען אַ שטיקעל געפילדער.

דער לאַנגער מקבל האָט זיך שטעהענדיג אויף דער פיהר אויסגעצויגען אַזוי גרויס ווי ער איז און אָנגעהויבען שרייען:

— שאַט, שאַט, שאַא! שטילער וויסטע קאַליקעס! מען הערט ניט וואָס מע רעדט, לאָז מען הערען וואָס מ ע נ ש ע ן רעדען! — און זיך געווענדעט צו אונז מיט די ווערטער:

— איהר זאָלט וויסען, ליעבע יודען, אַז מע וועט אונז ניט טהיילען קערבליך וועלען מיר זיך ניט רירען פון אָרט. נישט־קשה, ר׳ יצחק־אייזיק וועט אָהן אונז ניט חתונה מאַכען זיין מוזינקע, און

וואו וועט ער קריגען איצטער אַנדערע אָרימע לייט? פֿאָהרען קיין ל ו נ ע ץ וועט איהם קאָסטען טייערע, פֿיהרען דינגען, און וועט מוזען אָבלעגען די חופה.

— וואָס מיינט איהר אַז מיר זענען אָרומע לייט קען מען שוין טהון מיט אונז וואָס מען וויל — האָט זיך ארויפֿגעהאַפּט אויף דעם ראָד פֿון וואָגען אַ נייער בונטאָוושטשיק, אַ בלינדער אויף איין אויג און מיט אַ שמאַטע אונטערגעבונדען די ציין, — קיינער קען אונז ניט נייטען מיר זאָלען פֿאָהרען, אפילו דער פּאָליצמייסטער און דער גובערנאַטור אפילו קענען אונז גאָר ניט טהון — צי קערבליך, אַז ניט דאַרף מען ניט.

— קךקע־קערבליך! — האָט זיך אַנגעריפֿען אַ היקעוואַטע אביון.

— ניענבליך! — האָט געשריען אַ פּאַנפּאַוואַטע.

— אַ קאַרבוין! אַ קאַרבאָוועניץ! — האָבען אונטערגעטאַנצט צוויי פֿרעהליכע קבצנים.

— קערבליך! קערבליך! — האָבען געשריגען אַלע אָרומע לייט.

אין זייער שרייען, אין זייער רעדען איז געלעגען אַזוי פֿיעל כעס און נצחון, אַז זיי האָבען דאַכט זיך איצט אויסגעגאָסען זייער גאַנצע ביטערע גאַל, וואָס האָט זיך אַנגעקלויבען אין זייער טרויריג אומגליקליך פֿערביטערט לעבען.

זייער גאַנץ לעבען האָבען זיי געשוויגען, געמוזט שווייגען, געמוזט אראָבשלינגען אַלע בעליידיגונגען פֿון יעדען וואָס האָט זיי אַ גראָשען געגעבען אָדער אַ שטיקעל ברויט מיט אַ אָבגעגריזעטען ביין געוואָרפֿען. איצט האָבען זיי דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבען געהאַט דאָס פֿערגעניגען אויסגיסען זייער גאַל, ד. ה. זיי האָבען געהאַט דאָס זעלבע פֿערגעניגען, וואָס די זאַטע, ווער שמיעסט די רייכע, פֿון גרויס וואָהלטאָג גיעסען אויס יעדען טאָג די גאַל אויף זייערע דיענסטען און משרתים און מען ריפֿט עס אָן „גבירישע קאַפּריזען". אין דעם וואָרט „קערבעל" האָבען זיי דאָס ערשטע מאָל זיך אויסגערעדט זייער אייביג פֿערביטערט, פֿיל מיט פֿערדראָס, אָביוניש האַרץ. דאָס ערשטע מאָל האָבען זיי געפֿיהלט אַז די זאַטע גליקליכע מענשען דאַרפֿען צו זיי אויך אַמאָל אָנקומען, און זיי וועלען אויספֿיהרען, זיי וועלען מנצח זיין.

און טאַקי אַזוי טענה'נדיג מיט זיי איז אָנגעקומען אַ נייער שליח פֿון ר' יצחק־אייזיק'ען אַז די אָרומע לייט זאָלען באַלד קומען, מען וועט זיי טהיילען צי קערבליך.

עס איז געוואָרען אַ גרויס גערויש, אַ געפּילדער. די דריי וועגען האָבען זיך אָנגעפּילט מיט קבצנים, דער האָט געשריעגען: מיין קראַנקע האַנד, דער: מיין פֿיס און דער: אוי, מיינע צעבראָכענע ביינער! פֿרעהליכע קבצנים, זיצענדיג אין וואָגען, האָבען אינטערגעטאַנצט און אינטערגעזינגען. די פֿערדליך האָט מען דערוויל איינגעשפּאַנט און פֿרעהליך לעבעדיג האָט מען אָנגעהויבען פֿאָהרען. ווייסע־חברה האָבען זיי בעגלייט מיט אַ גרויסען „הוררא" און נאָכגעוואָרפֿען שטיינדליך מיט געקוויטשעריי און געפּייפֿעריי.

די אָרומע לייט האָט זיך, דאַכט זיך, אויסגעוויזען אַז מע בעוואַרפֿט זיי מיט בלומען און מען בעגלייט זיי מיט מוזיק — אַזוי גליקליך האָבען זיי זיך איצט געפֿיהלט פֿון זייער נצחון.

דאָס ערשטע מאָל און אפשר דאָס לעצטע מאָל אין זייער לעבען האָבען זיי היינט גערעדט מיט אַ הויך קול און אויסגעפֿיהרט וואָס זיי האָבען געוואָלט.

* * *

נאָך דער חופה, נאָך דער גילדענע יויך ד.ה. צו דער „וועטשערע", האָט מען געגרייט טישען פֿאַר די געסט און אויך בעזונדערע טישען פֿאַר די אָרימע לייט.

ר' יצחק־אייזיק מיט זיינע נאָענטע הויז־מענשען האָבען בעדיענט די אָרומע לייט, געבעטען זיי עסען און טרינקען.

— לחיים, ר' יצחק־אייזיק! איהר זאָלט האָבען נחת אין אייער קינדער און זיין אַ גרויסער גביר — האָבען די אָרומע לייט געוואונשען.

— לחיים, לחיים, יודען! — טרינקט געזונד, גאָט זאָל העלפֿען כלל־ישראל און אייך אויך צווישען זיי — האָט ר' יצחק־אייזיק זיי געענטפֿערט.

נאָך דער וועטשערע האָבען די כלי־זמר געשפּיעלט און די אָרומע לייט מיט ר' יצחק־אייזיק'ען האָבען געטאַנצט אַ „ראָד" מיט אַ „פֿרעהליכס".—

דאָ איז שוין צו ר' יצחק־אייזיק'ס גליק קיין גלייכען געוועזען. ער האָט געטאַנצט אין מיטען ראָד, די זיידענע פּאָלעס פֿון זיין לאַנגער קאַפּאָטע זענען געפֿלויגען ווי צוויי פֿליגעל פֿון אַ אָדלער, די אויגען פֿון וועלכע עס האָט זיך געגאָסען טרעהרען פֿון פֿרייד, פֿערגלאַנצט אַרויף, און זיינע געדאַנקען זענען געפֿלויגען נאָך העכער פֿון „זיבעטען הימעל", ער האָט געלאַכט און געוויינט, ווי אַ קליין קינד, זיך אַלע מאָל אַרומגעהמענדיג מיט די אָרומע לייט, זיי געהאַלדזט און געקישט.

— ברידער! — האָט ער געשריעגען טאַנצענדיג — לאָמיר זיין פֿרעהליך, לאָמיר זיין יודען! כלי־זמר, שפּיעלט אַ פֿרעהליכס! פֿרעה־ליכער, לעבעדיגער, שטאַרקער, יודען!...

— אָט אַזוי איז אַ יוד פֿרעהליך —

— אָט אַזוי מאַכט אַ יוד התונה —

האָבען די אָרומע לייט און די געסט צו־געפּליעסקעט מיט די הענד נאָך דעם טאַקט פֿון די כלי־זמר'ס פֿרעהליכס.—

אויף אַ יודישע התונה, ליעבע לעזער, בין איך געוועזען.

---

## בריעף פֿון אַ רייזענדער.

### I

אָט אַזוי ווי איהר וועט זעהן, ליעבע ברודער, בין איך אַ רייזענדער אַ נע־ונד'ניק, שוין פֿון כמה יאָהרען. איך פֿאָהר אויס אַלע שטעדט און שטעדטליך, וואו נור יודען איז ערלויבט צו וואָהנען, וואו נור אונזערע ברידער איז ערלויבט אַ נאָז אַריין צו שטעקען.

וועט איהר פֿרעגען: נאָך וואָס פֿאָהר איך? וואָס בין איך אויסען מיט מיינע נסיעות?

וואָס זאָל איך אייך זאָגען, נישט קיין פֿרעהליכע געשעפֿטען. איך מאַך קיינע בעשטעלונג פֿון פֿאַבריקעס; איך בין קיין „גוטער־יוד" וועלכער פֿאָהרט נאָך „פּדיונות"; איך בין אויך ניט קיין „אייניקעל", וועלכער פֿאָהרט נעהמען ג ר ו י ס ע נדבות אין זיידענ'ס זכות; איך בין ניט קיין „משולח" פֿון ארץ־ישראל פּושקעס, ניט קיין „משולח" פֿון קאָוונער און נאָוואָהאָראָדקער פּרושים, ניט פֿון לאָמזער, ניט פֿון טעלזער, ניט פֿון סלאָבאָדקער, ניט פֿון מאָקאָווער, ניט פֿון מאָלצער, ניט פֿון מירער, ניט פֿון וואָלאָזשינער און ניט פֿון מינסקער „ישיבות"; איך בין ניט קיין „מגיד", וועלכער שלעפּט אַרום מיט זיך דעם „גיהנום", און ווייזט דעם „עולם" פֿאַר אַ פּאָר גראָשען וואָס עס טהוט זיך אין איהם, אויך ניט אַזאַ מגיד וואָס פֿאַר אַ פּאָר גראָשען גיט ער אָב די שליסלען פֿון גן־עדן, מיט אַלע „דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען"...

מיט איין וואָרט, ברידער, איך זוך ניט מיט מיין פֿאָהרען קיין מטבע צו פֿערדינען.

אַי וואָס־זשע פֿאַרט פֿאָהר איך? — אויף „קבר אבות", רבותי, אויף „קבר אבות" פֿאָהר איך אַרום, פֿון שטאָדט צו שטאָדט, און פֿון שטעדטיל צו שטעדטיל. מיין „משפחה", מוזט איהר וויסען, איז צעזייעט און צעשפּרייעט. אַ גרויסער טהייל פֿון איהר ליגט נעבעך זיעבען איילען טיף אין דער ערד. וואו אַ פֿעטער, וואו אַ מומע, וואו איין אָרומער קרוב איז נור בעגראָבען, געה איך, זעה איך, קוק איך און בעטראַכט ווי טיעף און ווי שווער. אַמאָל טרעפֿט אַז אין איינעם, וואָס מען האָט איהם שוין געהאַלטען פֿאַר טוידט ווי אַלע טוידטע, שלאָגט נאָך אַ אָדער, אַז מען דערמונטערט איהם, מען וועקט איהם אויף אַביסעל, האַפּט ער זיך אויף... און אַמאָל ווערט ער טאַקי נאָך גאָר לייטען גלייך... אַמאָל איז שוין מיט די טוידטע גאָר ניט צו מאַכען, מען דאַרף נור אויף די קברים „מצבות" שטעלען, און אויף זיי אויפֿשרייבען, ו ו ע ר איז דאָרט בעגראָבען און פֿון וואָס איז ער

נעשטאָרבען, אום אַנדערע זאָלען זיך אַ „מוסר“ אַראָבנעהמען, און ניט קומען צו אַזא סוף פאַר דער צייט...

אַ גרויסע פאַמיליע מיינע, אָהן „עין־הרע“, אָבער אַלע, מיישטיינסגעזאָגט, קבצנים, אביונים. ניט חלילה מיינט, אַז אין מיין משפחה איז גאָר קיין גבירים ניטאָ, ניין, ס'איז דאָ, אָבער איך בין מיט זיי פון דערווייטענס, איך פריינדעל זיך נור מיט די אָרימע, און נור זיי פריינדלען זיך מיט מיר. די גבירים, די רייכע, זענען קאַלטע, זעהר קאַלטע פריינד, מיט זיי בין איך גאָר אַ קליינער מהותן. די הויכע פענסטער, די גראָבע בייכער און טיעפע קעשענעס ווילען פון מיר ניט וויסען און איך וויל פון זיי ניט וויסען...

אָט קום איך אין אַ שטעדטיל, געה איך מיר קודם־כל אַרויס אויף דעם מאַרק זעהן ווי אַזוי יודעליך, מיינע פריינד, האַנדלען און מיט וואָס זיי האַנדלען, ווי יודעליך לעבען און מיט וואָס זיי לעבען. פון דאָרט געה איך אין די „חדרים“ זעהן ווי אונזערע אָרימע יודישע קינדער ווערען ערצויגען און ווער עס ערציהט זיי. איך געה אַריין אין „תלמוד־תורה“, גיעב דאָרטען אַ קוק וואָס ס'טהוט זיך און ווער זענען עס די טהוער... פון דאָרט אין „הקדש“, פון „הקדש“ אין „בקור־חולים“ און אַזוי ווייטער... אומעדום, נישט־קשה, וואַלגערען זיך אום יודישע ביינער, אומעדום שמעקט עס מיט קברות־בלעטליך...

היינט די יודישע גאַסען, די יודישע הייזער! אָ, אַ לופט, אַ ריח, איין גאָט זאָל רחמנות האָבען!...

אָט איז, צום ביישפיעל, אָביוניוועקע, פון וואַנען איך קום איצט, אַ יודיש שטעדטיל ווי פיעל אַנדערע. אַזעלכע שטעדטליך געפינט איהר לרוב אין ליטא, אין פוילען, אין וואָהלין און וואו נור אַ יוד האָט אַ פוס אַריינגעשטעקט. פערפאָהרען בין איך, פערשטעהט זיך, אין אַ יודישע אכסניה, אויף דעם שול־הויף. אַ נידריגע שטוב, די ווענט מיט דער סטעליע שטאַרק בעשוואַרצט, פעררייכערט. אַרום אַלע ווענד שטעהען צעבראָכענע, קרעכצעדיגע בעטליך, אַרום וועלכע עס שטעהען עטליכע טישליך, און אויף וועלכע עס זיטצען יודען מיט יודענעס, יונגליך מיט מיידליך, און עסען קרופניק — צוויי קאָפּיקעס אַ טעלער — מיט ברויט. דאָס איז אַלע „אורחים“. צו דער שטוב איז דאָ נאָך עטליכע פינסטערע ציממערליך, וואָהין די ליכטיגע שיין קומט קיין מאָל ניט אַריין. ביי טאָג וואָהנען דאָרט נור טאַראַקאַנעס, ביי נאַכט קומען צו־מאָל דאָרטען אַ אורחה אויך איבערקומען עטליכע שעה. די אכסניה שטעקט עפּיס אין אַזאַ ווינקעל, וואָס מען זעהט פון דאָרטען דאָס גאַנצע שטעדטיל מיט גאָר איהר האָב און גוטס. און איך שטעה אין טהיר פון מיין „האָטעל“ און בעטראַכט די שטאָדט...

אַ שטעטדיל, אַ בית־עולם! הייזער, קברים! אַ פאָר מאות קרומע, הילצערנע, האַלב אין דער ערד איינגעזונקענע הייזליך, די דעכער געדוכט בעוואַקסענע מיט גרינעם מאָך. און די פענסטער וואו אַ שטיקעל גלאָז, וואו אַ שטיקעל טונקעלע צוקער־פּאַפּיער, וואו אַ שמוטציגעם קישעלע, וואו גלאַט אַזוי שמאַטעס. דאָס גאַנצע שטעדטיל איז געבויט און צוויי שורות הייזער, איין שורה ווייט פון דער אַנדערע, אַרום און אַרום די צוויי שורות שטעהען הורבות אויף חורבות, אָהן הויפען, אָהן געסליך אָהן אַשום סדר, גליייך ווי איינער וואָלט עס ניט ווילענדיג אויסגעשאָקעלט פון אַרבעל עטליכע צעהנדליג הייזליך, און וואו זיי זענען געפאַלען דאָרט שטעהען זיי... דער פּלאַטיץ וואָס צווישען די צוויי שורות, איז דער מאַרק, דער יודישער שפּייזער... איינמאָל אין צוויי וואָכען ווערט ער בעלעבט אויף איין טאָג, און אַלע טעג, זעהט מען נור אַרומשפּאַציערענדיג דאָרטען דעם שטאָדט־באָק, אַמאָל אַ ציעג וועלכער ס'האָט אָבגעגאָלטען זיך אָב־רייסען פון שטריקעל, און אַמאָל, גאַנץ זעלטען, פון אָבענד שפּעט, אויך אַ „פּאָרעל“ בגנבה...

מען זאָל זוכען אפילו אויף אַ „רפואה“, ווערט מען דאָרט ניט געפונען קיין בוימעלע, קיין גרעזעלע און קיין גרינס... דערפאַר, האַרטע בלאָטע, גרינע זומפּען, בערגליך מיסט, טרוקענע ביינער פון פגירות און דעסטגלייכען, איז דאָ לרוב...

איינמאָל אין צוויי וואָכען ווערט אין שטעדטיל אַ גערידער. יודעליך קריכען אַרויס פון זייערע לעכער, און נעהמען זיך צו דער פּרנסה. דאָס איז בשעת דעם מאַרק. דער מאַרק איז אַלע מאָל זונטאָג. אָבער דעם אָוועגד וואָס פאַר דעם מאַרק, שבת־צו־נאַכטס, באַלד נאָך הבדלה, באַלד ווי מען טהוט נור אויס די שבת'דיגע בגדים — ווער עס האָט — נעהמט מען זיך צו דער אַרבייט. יעדער שלעפּט אַרויס פון אונטער'ן בעט זיין קראָם מיט „סחורה“, — דאָס איז אַ גרויסער זאַק — און הייבט איהר אָן אויסצולופּטערען, אויסצו־סאָרטירען. געוועהנליך געפינט זיך דאָרטען: אביסעל שוועבעליך נאָדלען, פעקליך מיט קנעפּליך, פאָדעם פערשידענע, עטליכע מעסערליך, האַרטע לעקעכליך, אַלטע פערראָסטע קליאַמקעס, נאָדעל־טעשליך אויך אַ פאָר קרענצליך ביינגעל, און דעסטגלייכען פיינע זאַכען... אַז מען ווערט פאַרטיג מיט דער אַרבייט אין שטוב, הייבט מען זיך אָן אַרויסרוקען, מיט ווייב און מיט דערוואַקסענע קינדער, אין מאַרק אַריין. איינער שלעפּט אַ טישעל, איינער אַ בענקעל, איינער די סחורה, און מען היילט זיך דאָס צו פערכאַפּען איין אָרט וואָס בעסער. עטליכע שעה געהט אַוועק אין שטופּעריי, זידלעריי, געשריי און הוי־האַ, ווייל נאַטירליך וויל דאָך יעדער וואָס בעסער, און וועלכער פּלאַטץ איז דאָס בעסער ווי יענער, וואָס דער צווייטער וויל אויף איהם שטעהען?...

אַז אַלע ווערען שוין מיד שרייענדיג, די טישליך מיט די בענקליך, ברוך־השם, שטעהען שוין אויף איין אָרט, נעהמט מען זיך פאַנאַנדער־לעגען, אין פיינעם אופן, די סחורה אַזוי אַז זי זאָל נושא־חן זיין אין די אויגען פון די קונים, וואָס וועלען פערביי געהן...

אָט אַזוי געהט אַוועק די נאַכט. פאַר טאָג קומען נאָך צו־פאָהרען יודליך מיט וועגליך סחורה פון די דערפער אַרום, און נעהמען זיך בויען פּאַלאַטקעס אַרום די וועגען. און די סחורה פּוצט מען אויס אויף דער ערד... שפּעטער קומען צו פאָהרען אויך די „קונים“, די „פּויערען“ פון די דערפער, מיט זייערע אָרומע פערדליך, הויט און ביין, און ערשט דאַמאָלס הייבט זיך אָן דער אמת'ר מאַרק...

און דעם מאַרק, און דאָס האַנדלען און דעם „פּדיון“ איז גאָר ניט צו בעשרייבען. שטעהענדיג אין אַ זייט און קוקענדיג אויף דעם מאַרק מיט די האָלאָבליעס אין דער הויך, מיט די אויפגעהויבענע קעפּ פון די פערד, מיט די ווייסע פּאַלאַטקעס, מיט דעם לויפען, מיט דעם שרייען, מיט די שבועות און חרמות, מיט די קללות און זלזולים — שטעלט זיך פאָר, ניט ווילענדיג, עפּיס ווי אַ גרויסער באַרג מיסט, אין וועלכען עס פּלאָדען זיך ווערים שוין פון כמה יאָהרען און קריכען אַזוי איינער גענען אַנדערען, איינער איבער דעם אַנדערען, און איינער אונטער דעם אַנדערען... יעדער דרעהט זיך אין דרייען, און לויפט אַבי זיך ווי ס'איז אַרויסדרעהען פון צווישען אַנדערע מיט דעם שטיקעל מיסט וואָס ער שלעפּט מיט זיך מיט, קיין אַנדערער זאָל ניט אַרויסהאַפּען דעם ביסען פון מויל... אַ עקעל האַפּט אָן קוקענדיג אויף דעם שטרייט פון אָט די שוואַכע בעשעפענישען, און אַז מען דערמאָהנט זיך אָבער בשעת מעשה, אַז דאָס זענען דאָך מענשען, מענשען מיט שכל, מיט געפיהל, מיט געוויסע ווינשען מיט געוויסע פערלאַנגען, און דערצו נאָך נאָהענטע קרובים, אָח, ברידער, דאַמאַלס... דאַמאַלס ערוועקען זיך אין הערצען גאַנץ אַנדערע, גאַנץ אונמוטהיגע טרויעריגע געפיהלען...

קוים רוקט זיך אַריין עפּיס אַ „קונה“, צווישען די „סוחרים“, בעפאַלט מען איהם פון אַלע זייטען. יעדער קרעמער, מיט ווייב און מיט קינדער רינגלען איהם אַרום, און פּשוט איבער געוואַלט שלעפּט מען איהם צו צו דער סחורה, מע ווייזט איהם אַלדעס גוטס, מע זאָגט איהם די לעצטע פּרייזען, מע האַלט איהם פּשוט צו פאַר'ן פּאָלע און אַז מען רעדט זיך גאַנץ גוט אָן, ווערט מען ערשט געוואָהר אַז דער „קונה“ דאַרף קיין זאַך ניט פון די אַלע גוטע זאַכען וואָס דער „סוחר“ האָט צו פערקויפען, און אפילו ווען ער דאַרף שוין יאָ עטוואַס פון די זאַכען, קויפט ער נאָך אויך ניט ביי דעם ערשטען פערקויי־

פער... אט אזוי געהט איבער יעדער קונה אפשר אין 10 הענד, איידער ער, גיבט צו לייזען א צעבראָכענעם גראָשען... און דערווייל רעדט מען, און מען שרייט זיך אָן א טאָג, זומער אין היטץ און ווינטער אין קעלט, ביז מען ווערט הייזעריג, און ערשט העט שפעט אין דער נאַכט, אז קיין „פויער" איז שוין אין גאַנץ שטאָדט ניט צו זעהן, שלעפען זיך אונזערע סוחרים צוריק, מיט'ן ביסעל סחורה און מיט עטליכע גראָשען פדיון, אין שטוב אריין, הונגעריגע, דאָרשטיגע, מידע און צעבראָכענע... און נאָך עפים עסען פאַלען זיי, ווי די הרוגים, שלאָפען.

און אָט אַזוי שלאָפען זיי אָב כמעט גאַנצע צוויי וואָכען, ביז צום צווייטען מאַרק. די מאַנסבלען האפען זיך נאָך אַרויס פון שטוב פריה און אויף דער נאַכט אין קלויז אַריין, אויף א געוויסער צייט, דער וואָהלינער „חסיד" צו הערען א וויטצעל, א מופת'ל און אפשר חאפען א טראָפען „תקון" אויך... און דער „מתנגד", דער ליטוואַק, צו הערען א טרוקענעם דין פון „קצור־שלחן־ערוך", שרעקליך אונמוטהיגע ווערטער פון „רבין" וואָס לערנט מיט זיי „מסילת־ישרים", און אַמאָל הערען אַ „מגיד"...

אַז מיר זאָלען זיך נאָר דערצו פאָרשטעלען דעם „אֶביוניוקער" שבת: די וואָהלינער ווייסע „חלה" מיט אַ שטיקעל פלייש, און דאָס ליטווישע פרישע ברויט מיט אַ שטיקעל „לונג" אָדער „קישקע", דעם וואָהלינער „שלש־סעודות" מיט הימליכע „נגונים" און דעם ליטווישען שבת'דיגען „מגיד" מיט'ן אומוטהיגען „תהלים" — ווען אין קלויז איז נאָך פינסטער און די „נשמה־יתרה" צאַפעלט זיך שוין אַרויס צו געהען... — ווילען מיר האָבען פאַר זיך דאָס אֶביוניוקער לעבען מיט אַלע קלייפערליך...

היינט, ליעבע ברידער, זאָל איך אייך נאָך דערצעהלען פון אביוניוקער קינדער ערציהונג, און פון אביוניוקער כלל־זאַכען? זאָל איך אייך דערצעהלען פון אביוניוקער חברות, גבאות, מחלוקת, מסירות, תקיפים, יונגאַטשעס, לעהרער, מלמדים, און דעסטגלייכען?

אייגענטליך, אין אֶביוניוקע ליעגט דאָס אַלעס קיינעם אין דער לינקער „פאה" אויך ניט; וואָס קינדער, ווער קינדער, ווי גאָט וועט געבען אַזוי וועט זיין. ווער עמען אין אביוניוקע ,האַרט די „תלמוד־תורה", צי איז זי גוט אָדער שלעכט, ווער עמען געהט'ס אָן די אָדער יענע חברה, די אָדער יענע כלל־זאַכען, און ס'איז גאָר קיין וואונדער אויך ניט. און אָט פאַר וואָס.

„אדם הראשון" — אַזוי דערצעהלען געלערטע — האָט אָנגעפאַנגען עטוואָס זיך בעזאָרגען פאַר דער „נשמה" זיינע, פאַר קינדער, און פאַר נאָך אַזעלכע זאַכען וואָס זענען ניט נוגע גלייך צו'ם ק ע ר פ ע ר, כמעט שוין אויף דער עלטער, ווען ער האָט שוין זיך ערוואָרבען אַ גוטען פייל־און־בויגען, און איז שוין געווען אַזוי פלינק אַז אין איין ה א ל ב ע ן טאָג, למשל, איז ער געווען אומשטאַנד צו פאַנגען „חיות" אָדער פייגעל, אַז עס זאָל זיין גענוג צו עסען און זאַט זיין א ג אַ נ צ ע ן טאָג... דאַמאַלס, האָט ער דעם אַ נ ד ע ר ע ן האַלבען טאָג, אין וועלכען ע ר א י ז ג ע ו ו ע ן פ ר י י פ ו ן „ד א ג ת־פ ר נ ס ה", בענוצט אויף אַליין עטוואָס צו לערנען, אויף קינדער ערציהען, אויף פערשידענע אויסבעסערונג אין זיין לעבען און דעסטגלייכען... אָבער כל־זמן ער האָט נאָך קיין גוטעס געוועהר געהאַט, און האָט נעביך גאַנצע טעג, פון אין דער פריה ביז נאַכט, געדאַרפט אַרומגעהן, אַ הונגעריגער, אַ בייזער, איין אויפגערעגטער, צו זוכען וואו ס'איז אַ פרי, אַ וואָרצעל, כדי דערמיט זיין שווערען הונגער צו שטילען — האָט איהם דען געקענט ליעגען אין קאָפּ אַנדערע זאַכען, אויסער עסען?...

און וואָס איז מיט „אדם הראשון'ס אייניקליך", אונזערע אֶביוניוקער ברידער? צי האָבען זיי עפים פיעל שעה אין טאָג רוהיגע פון דאַגת־פרנסה?

דאָס אומגליקליך ביטער לעבען מאַכט זיי בלוט־אָרם, נערוועז, גלייכגילטיג, מיד און שוואַך פון איין זייט, און בייז ווילד, אויפגערעגט, אין כעס פון דער אַנדערער זייט... און דערפון קומען אַרויס אַלע אונאָרדענונג, אָבגעלאָזענהייט, גלייכגילטיגקייט אין אַלע קהלש'ע זאַכען פון איין זייט, און מחלוקת, צדדים, משפטים, מסירות און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכען פון דער אַנדערער זייט... נאָר וועגען דעם אַלעס וועל איך אייך שרייבען אין די אַנדערע בריעף.

נו זאָגט, איז גאַנץ אֶביוניוקע ניט אַ לעבעדיגער „בית־עולם"? צי האָב איך ניט געזאָגט דעם אמת, אַז איך פאָהר אַרום אויף „קבר־אבות"?...

ש. ראָזענפעלד.

## יודען אין ארץ־ישראל.

### II.

### מקוה־ישראל.

העכער 30 יאָהר צוריק, ווען קאַרל נעטטער האָט זיך אומגעקעה־ט פון זיין רייזע קיין ארץ־ישראל און האָט פאָרגעלעגט דעם אַליאַנס (חברת כל ישראל חברים) צו גרינדען דאָרט אין ארץ־ישראל איין קולטור־שולע, — האָט דער פרעזידענט פון דער חברה קרעמיע אויפגעחאַפּט דעם נייען פלאַן מיט דער גרעסטער שמחה. אדאָלף (יצחק) קרעמיע, דער גרויסער פראַנצויזישער פאַטריאָט, דער געוועזענער מיניסטער אין פראַנקרייך, האָט בעוויזען אַז ער איז אויך אַ גרויסער יודישער פאַטריאָט, אַז זיין גרויס האַרץ איז פול מיט ליעבע צו יודען און יודענטהום און צו'ם אלטען לאַנד פון אונזערע אבות. דער אַלטער מאַנן פון העכער זיעבציג יאָהר איז געוואָרען פון דעם נייעם הויכען רעיון העכסט בעגייסטערט און אויף דער אספה פון אָנהייב יאָהר 1868 האָט ער געהאַלטען אַ גייסטרייכע פייערינע רעדע, וואָס דאַרף זיין פערשריבען מיט גילדענע אותיות אין דער יודישער געשיכטע, און וועלכע ער האָט געענדיגט מיט די ווערטער: איהר אַלע, מענער, פרויען, שטיצט אונז, מיר רופען צו אייערע עדלע הערצער. וואָס פאַר א זיס צופרידענהייט פאַר אונזער זעעלע און האַרץ ווען מיר קענען זיך זאָגען: איך בין איינער פון די וואָס אַרבייטען אויף אויפשטעלען די רעכטע פון דער אַלטער אומה, וועלכע שטעהט אַליין מונטער צווישען די קברים אין חורבות פון אַלטע פעלקער און וועלכע האַלט שטאַנדהאַפט און פעסט די אַלטע הייליגע פאָהן, וואו עס זענען אָנגעשריבען די געטליכע ווערטער: שמע ישראל ה' אלהינו ה' אחד!"

קרעמיע'ס הייסע רעדען האָבען געמאַכט אַ שטאַרקען רושם און דאַנקענד זיי איז אָנגענומען געוואָרען דער פלאַן פון נעטער'ן און דער בית־הספר לעבודת האדמה „מקוה־ישראל" איז מיט 28 יאָהר צוריק געגרינדעט געוואָרען.

אין דעם בית־הספר, וואָס ער איז געווען דאָס ערשטע א ו מ ק ע ר ע ן פ ו ן י ו ד ע ן צ ו ד ע ר א ל ט ע ר א ר ב י י ט פ ו ן ז י י ע ר ע א ב ו ת ווילען מיר געהן בעטראַכטען פון נאָענט איידער מיר ווילען מאַכען אַ שפאַציער אין אונזערע יודישע קאָלאָניעס. דער שפאַציער איז איצט זעהר אַנגענעהם. איצט אין ש ב ט (יאַנואַר) איז שוין די שווערסטע רעגענס איבערגעגאַנגען, דער הימעל איז בלוי ווי לאַזור, נאָר ביי דעם ברעג ים איז אַ ווייסע קרייז וועלכע ריהרט אָן די בלויע וועלען פונ'ם ים. שנעל לויפען מיר איבער דיא שמוציגע גאַסען פון יפו, און מיר געפינען זיך אויף דעם ירושלים'ער שאָסיי. פון ביידע זייטען וועג זעהען מיר באַיאַרעס פון אפעלסינען און ציטראָנען־ביימער. די ביימער זענען ניט קיין הויכע, זיי זענען גרויס ווי געוועהנליכע עפיל־ביימער, נאָר די בלעטער זייערע זענען פיעל גרעסער און שענער; די אַפעלסינען אויף זיי זעהן אויס ווי זיי וואָלטען געווען אַרויפגעזעצט איינער אויפ'ן צווייטען. — וואו ניט וואו בליהט א אתרוג־בוים וואָס טראָגט נאָך אויף זיך די פרוכט פון פאָריגען יאָהר, און א פאָר גרינע נעלע אתרונים פאַריאָהריגע מיט פיעלע גרינע קליינע פון דאָס יאָהר היינגען אויף זיינע צווייגען. — העכער פון אַלע ביימער שטעהען די פאַלמען (תמרים), זיי זעהען אויס ווי זיי ווילען מיט זייערע שירעמס בעשיצען די איבריגע ביימער. — נאָר דער פייגען־בוים שטעהט א י צ ט אָהן בלעטער, אין כסלו האָט ער זיי פערלוירען, אָבער איהר דאַרפט

איהם ניט בעדויערען: ווי אויף אַלע זיינע צווייגען זענען שוין די קנאָספּען דיק און פול, און ווי איינינע פון זיי שפּאַלטען זיך שוין און מע זעהט שוין אַרויס די אויפגעוויקעלטע בלעטעליך. זאָרגט ניט, אָט באַלד באַלד וועלען זיך אַלע קנאָספּען עפענען און זייערע בלעטער וועלען זיך צעלאָזען אויף אַלע זייטען און דער איצט כלומר'שט פערדאַרטער בוים, וועט ווידער געבען זיין שאָטען אויף ביידע זייטען וועג און איהר פרוכט וועט ווידער דערקוויקען די רייזענדע...

שוין אַ האַלבע שעה אַז מיר געהען פון יפו, קומט אַריין רעכטס אין דער אַלייע פון אַקאַציעס אין תות (זיידען־ביימער). אמת די ביימער פון דער אַלייע זענען איצט אָהן בלעטער, נאָר הינטער זיי זענען דאָ גרינע פרישע אַפּעלסינען און ציטראָנען־ביימער. איהר זעהט די לאַנגע שטיינערנע געביידע מיט דעם פלאַכען אַראַבישען דאַך, און דאָרט אויף אַ ראָגאָשקע זיצען אונטער'ן לויטערען הימעל מענער, פרויען, קינדער און עסען, זיי זעהן אַלע אויס מונטער און שטאַרק, זיי ריידען און לאַכען אויף אַ שפּראַך וואָס איהר פערשטעהט ניט, אויף אַראַביש. אַבער דאָס זענען נישט קיין אַראַבער, נאָר אחינו בני ישראל; איהר קענט זיך מיט איינינע פון זיי אויפרעדען אויף לשון־קודש. זיי זענען ניט פון ארץ־ישראל, זיי זענען מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק געקומען אַהער פון אור־כשדים (וואו אברהם־אבינו האָט געוואָהנט איידער גאָט האָט איהם געהייסען געהן קיין ארץ־ישראל) און זיי אַרבייטען דאָ אין מקוה־ישראל אַלס טאַגלוינער (פועלים). — אמת, פיינע סימפּאַטישע געזיכטער, נישטאָ אויף זיי דער חותם פון „שאַכער־מאַכער"? — פון וויטענס הערען מיר אַ קול פון זינגען, מיר געהען צו נאָענטער צו די זינגער. אָט געהן זיי אַראָפּ פון „גבעת יצחק" *), עס געהן אונז ענטגעגען אַ הונדערט קינדער, אַלע געקליידעט אין איין פאָרמע מיט רויטע פעסקעס אויף די קעפּ, פון וויטען בלישצען די פיאַשען (אַזאַ אַרט גראַב־אייזען) וואָס ליגען ביי זיי אויף די אַקסלען, אין די הענד האַלטען אַנדערע קאָרזינקעס מיט פערשידענע אינסטרומענטען. — זיי האָבען נור וואָס אָפּגעמיטאָגט און געהען ווידער אַרבייטען אויף די פעלדער און אין ווייןגאָרטנער.

די קליינע מקוה־ישראל וואָס קרעמיע און נעטער האָבען געגרינדעט אין ארץ־ישראל אין דעם נאָמען פון חברת כל ישראל חברים מיט 28 יאָהר צוריק, און נעטער האָט דאַמאָלס קוים מיט גרויס מיה בעקומען 10 תלמידים (מיט וועלכע ער האָט זיך מטפל געווען ווי מיט אייגענע קינדער, — אָט די מקוה־ישראל האָט איצט 250 תלמידים, וועלכע לערנען אַ האַלבען טאָג פערשידענע וויסענשאַפטען און אַרבייטען אַ האַלבען טאָג פערשידענע ערדאַרבייט. אין דער שולע אין אַ משך פון פינף יאָהר בעקומט דער שילער אַלגעמיינע וויסענשאַפטען ווי אין אַ פּראָגימנאַזיע (אויסער גריכיש און לאַטיין), נאָר אַגראָנאָמישע וויסענשאַפטען, סיי טעאָרעטישע סיי פּראַקטישע, בעקומען זיי זעהר טיכטיגע און וויכטיגע אַז זיי קענען — נאָכ'ן פערפאַרטיגען זיך אונגעפער אַ יאָהר — אַריין גלייך אין אַ פראַנצויזישען אַגראָנאָמישען אוניווערזיטעט ווי אין מאָנפּעליער אָדער ווערסאַל.

אמת די שולע האָט געוויסע פעהלערען אויך, ווי צום ביישפּיעל, אַלץ ווערט געלערינט אין פראַנצייזיש, און אין אמת'ן — וואָלט געוויס פיעל גלייכער געווען פאַר די שילער וואָס בלייבען אין ארץ־ישראל — זיי זאָלען אַלץ לערנען אין העברעאיש. ווען אין דער פרעמד מוזען מיר אַלץ לערנען אין אַ פרעמדער שפּראַכע איז דאָך ארץ־ישראל דאָס איינציגע אָרט וואָס מיר קענען אַלעס ערדייכען אין אונזער אייגענער שפּראַכע. מע קען געפינען אין דער שולע נאָך איינינע חסרונות, אָבער אין אַלגעמיינעם איז זי אַ מוסטער־שולע, וואָס גיט דעם שילער גענוג וויסענשאַפטען צו זיין אַ ניטצליכער מענש פאַר זיך און פאַר לייטען. — דאָס פיהרונג איז אַ יודישעס, יעדען טאָג לערענט מען אַ שעה העברעאיש, מע דאַוונט, און מע וואַשט זיך צום עסען און 'מע בענטשט נאָכ'ן עסען. און די גרעסטע טהייל שילער טהוען עס גערען, נישט נור ווייל מע הייסט אַזוי, וואָרום זעהענדיג דעם לויטערען הימעל פון אונזער שיינעם ליבען לאַנד און דערמאַהנענדיג זיך אַז מיר שטעהען אויף אונזער ערד וואו עס זענען אומגעגאַנגען אונזערע אבות, אונזערע גרויסע נביאים און חכמים פיהלט מען זיך נאָהענט צום בורא עולם און יעדער יוד אין ארץ־ישראל איז גערען האַלטען הויך די יודישע פאָהן.

נישט לאַנג בין איך געווען אין מקוה־ישראל מיט זעהר אַ לייטישען גאַסט פון הויך־לאַנד, אַ יודישער שרייבער וואָס איז דערצו איין אמת'ער אָרטאָדאָקס, האָבען מיר געטראָפען ווי אַ הונדערט און פופציג תלמידים זענען געגאַנגען צוריק פון שניידען ווייןטרויבען, פיעל פון זיי זענען געווען אָנגעטהון מיט קרענצען פון ווייןבלעטער און מיט די זיסע „שירי־ציון" זענען זיי צו געקומען צו דער סטאָלענגע עסשטוב וואו זיי האָבען געדאַוונט מנחה און זיך געוואַשען עסען, האָט זיך דער סופר אַזוי שטאַרק צעווינט פון גרויס שמחה אַז מיר האָבען איהם קוים צוגענומען פון דאָרטען. און אַז ער איז געקומען צו זיך האָט ער געזאָגט: יאָ, ערשט איצט פערשטעה איך וואָס הייסט „זה אלי ואנוהו", וואָרום אין ארץ־ישראל פיהלט זיך באמת יעדער יוד אַז ער איז נאָהענט צו זיין גאָט. ברזילי.

---

# בילדער

## פון קליינשטעדטישען, יודיש-פּולישען לעבען

פון י. ל. פרץ.

---

## א. אייזיק'ל שחט.

### 4) אין בית־המדרש צווישען מנחה ומעריב.

— וואָס טהוסט־דו דאָ, יונה'לע? — פרעגט מען צווישען מנחה ומעריב, אַז מען האָט יונה'ן אין בית־המדרש בעמערקט. נאָר אין שטעדטיל איז, ברוך־השם, שטיל בערוהיגט מען זיך און מען געהט ווייטער מיט לולקע־ציבוק אין מויל, אָדער מען שטעהט אין רעדליך און מען רעדט. פון אביגדורל'ן האָט מען שוין דאָ אויך אָבגערעדט אַל־דאָס גוטס, וואָס מען האָט נור געקענט, און מען איז אַריבער אויף מקחים פון פּראָדוקטען, ליציטאַציעס, פּאָליטיק. פון עמיגראַציעס האָט מען נאָך דעמעלט נישט געוואוסט.

דעם יתום האָט מען בעסער בעגעגענט: ווער עס האָט איהם בעמערקט האָט זיך אָבגעשטעלט אַ רגע, אַ זיפּ'ץ געטהון, טהייל נאָך אַ גלעט איבער'ן היטעלע...

פלוצלינג איז אַ גרידער געוואָרען און אַלע אויגען האָבען זיך געווענדעט צום שלחן אין מיט בית־המדרש. יונה שטעהט שוין דאָרט און האָט שוין אַרויסגעשטעלט דעם יתום אויפ'ן טיש; דאָס קינד לאָזט אַרויס אַ געוויין, וויל אַראָב פון טיש, וועניגסטענס זעצען זיך, ער האָט מורא פאַר דער הויך איבער דעם גאַנצען עולם, נאָר יונה לאָזט נישט, ער האַלט איהם אונטער ביים פאָדקאַלנער און בעמיהט זיך איהם צו בערוהיגען.

— שטיל, דוד'ל, שטיל, דיין טובה מיין איך!

דער יתום חליפּעט, נאָר שטילער.

פון מזרח־וואַנד הערט זיך דערווייל אַ קול פון אַ בעל־הבית:

— מיט שטיוועל אויפ'ן שלחן, אַראָב!

יונה דערקענט דאָס קול און ענטפערט געלאַסען נאָר פעסט:

שרעק דיך נישט, ראוב'לע, שרעק דיך נישט, פרומע נשמה! באָרוויס שטעהט ער דער יתום, ער האָט שוין לאַנג קיין שטיוועליך נישט.

און דערהיצט פון זיינע אייגענע רייד, גיט ער צו מיט כעס:

— און דאָ וועט ער שטעהן, ביז בעלי־בתים וועלען איהם פערזאָרגען.

דער עולם שוויגט פעראינטערעסירט.

---

*) יעדער בארג אין מקוה-ישראל טראָגט אַ נאמען פון די אבות און די נביאים, אָדער פון די אנשי-השם פון חברת כל-ישראל-חברים.

— עס איז איהם אפילו — מאַכט ווייטער יונה — שווער צו שטעהן, ער איז באָרוויס געוועזען אויפ׳ן הייליגען אָרט, ער האָט זיך אַ פיסעל געראַניעט, נאָר שטעהן מוז ער, רבותים, ער מוז, ווייל ער איז אַ יתום און דאַרף מען זאָל פאַר איהם זאָרגען!

— זעה נור דעם בעל־טובה! — רופט זיך עמיצער אָן פון אַ זייט.

— מעריב־דאַווינען! — גיט איין אַנדערער אַ געשריי.

— חזן צום עמוד! — קאָמאַנדירט דער גבאי.

נאָר יונה גיט אַ קלאַפּ אין טיש אַריין אַז עס הילעכט, די נאָהענטע בעלי־בתים שפּרינגען אָב, און ר׳ קלונימוס דער דַיין וואָס האָט שטעהענדיג ביי׳ם שלחן, זייט דער יתום שטעהט אויפ׳ן טיש, זיין אויסגעלערנט, אָבגעמיטשעט און אפשר אויסגעהונגערט פנים פערשטעלט מיט דער האַנד, נעהמט זי ציגד אַוועק, און אין די אַלטע גראָהע אויגען בעווייזט זיך אַ שטימער טיעפער צער.

— יונה — שטאַמעלט ער — נישט מיט געוואַלט.

— מען וועט נישט דאַווינען! — שרייט יונה, און האַפּט אַ לייכטער פון שלחן אין דער האַנד אַריין.

דער גבאי האָט זיך אַנידער געזעצט, דער חזן בלייבט שטעהן אין מיטען וועג צום עמוד, און יונה דרעהט זיך איבער צום דיין.

— רבי — מאַכט ער מיט גיפט — דאַווינען, מיינט איהר, ווילען זיי! חס־ושלום! די וועטשערע מיינען זיי! די ווייבער קאָכען זיי שוין וועטשערע! עס וועט זיין אַ קאָכענדיגע יויך מיט קנאַקענדיגע בייגעל, אַ פעט שטיקעלע פלייש מיט בעטעמ׳טען רויטען הריין, — און אפשר אַביסל מייערליך דערצו... און דער יתום האָט נישט צו עסען.

— נישט דיין דאגה! — שרייט עמיצער, אַ בעהאַלטענער פון מיט׳ן אַ רעדעל אַרויס. ר׳ קלונימוס דיין פערשטעלט צוריק דאָס פנים מיט די ביינעריגע הענד און יונה ענטפערט:

— עס איז יאָ מיין דאגה! איהר זענט אייך פון דער לויה ווי די מייז צוקראָכען, און מיר דעם יתום איבערגעלאָזט! ניט אַייער ווילען איז עס געוועזען, נאָר אַ גאָט־זאַך! גאָט וויים וואָס ער טהוט, גאָט וויים, אַז איין אָרימאַן האָט יודישקייט, אַז יונה באַץ וועט דעם יתום נישט אַוועק וואַרפען אָהן הילף!

דער יתום הייבט אָן צו פערשטעהן פון וואָס מען רעדט, ער גלייכט זיך אַביסעל אויס, לעגט די רעכטע האַנד אויף יונה׳ס פלייצעס, און שטעהט אַזוי אָנגעשפאַרט, מיט דער לינקער האַנד האַלט ער אונטער דאָס געראַניטע פיסעל...

דאָס קאַפּאָטקילע האָט זיך איהם פון איינציגען קנעפיל אָבגעלאָזט, פון אָבגעריסענעם העמדיל שטאַרט אַרויס אַ ברודיג אויסגעדאַרט לייב, אויפ׳ן פנים ליגט עפּיס אַ וואונדערליך טרויעריגער שמייכעל... ער שרעקט זיך שוין נישט פאַר׳ן עולם, ער פיהלט, אַז יונה באַץ הערשט איצט איבער אַלע, און ער איז אָנגעשפאַרט אויף יונה באַץ!

— זעהט, בעלי־בתים, זעהט יודען, בני־רחמנים — מאַכט יונה מיט אַ ווייכער קול — אַ גערואַניט פיסעל, באָרוויס...

— ביי מיר איז דאָ אַ פּאָר שטיוועליך! אַלטע נאָר גאַנצע...

יונה דערקענט דאָס קול.

— עט! מאַכט ער, ר׳ יוסיל איז מנדר, אַ גוטע התחלה... נאָר אָהן אַ העמד איז ער אויך!

איין אַנדערער איז מודיע אַז זיין ווייב וועט אַוודאי נישט קאַרגען עטליכע העמדליך פאַר אַ יתום.

— זעהר וואויל, — זאָגט יונה — וויים איך שוין, הענעלע וועט געבען! און אַ בגד׳ל...

עס איז דאָס אויך עמיצער מנדר, און יונה נעהמט ווייטער אָן פאַר ליעב.

— נאָר עסען — רופט ער ווייטער — עסען ווער וועט געבען! פאַר וואָס שווייגט ר׳ שמעריל? פאַר וואָס רעדט נישט דער ראש־הקהל?

נאָר ר׳ שמעריל, אַ דיק יודעל מיט לאַנגע ברעמען, וואָס פערשטעלען איהם די אויגען אויפ׳ן פערלאָפענעם פנים, זיצט איבער׳ן משניות און ריהרט זיך נישט פון אָרט.

— נישט דאָ איז קהל־שטוב — מאַכט ער שטיל און גלאַסען צו די בעלי־בתים, וואָס שטעהען אַרום זיין שטענדער. די תשובה גיט איבער איינער דעם צווייטען און כהרף־עין פליהט זי איבער דאָס גאַנצע בית־המדרש: ר׳ שמעריל זאָגט, אַז נישט דאָ איז קהל־שטוב!

— אַ ממזר פון אַ יוד! — בעמערקט עמיצער.

— ביסמאַרק!

— אַ קעשענע־גנב — פערריכט איינער אין דער שטיל.

דערווייל רופט זיך נאָך אַ קול אָן פון מזרח־וואַנד, פון דער צווייטער מזרח־וואַנד.

— יונה — רופט ער — פאָלג מיך יונה, לאָז געמאַך... היינט איז דאָנערשטאַג ביינאַכט... וואָס איז היינט פאַר אַ מאָדע, עס איז קיין מנהג, קיין דין נישט אין אַ מיטען דאָנערשטאָג נישט לאָזען דאַווינען... געה אַהיים, און שבת קום אין דער פריה און לאָז נישט אויסנעהמען, מהיכי־תיתא...

— און שבת — שניידט איהם יונה אָב אַ תשובה — וועט ר׳ ירחמיאל דאַווינען אין דער היים, אָבעסען און לעגען זיך אונטער דער פעריינע? הא? —

עס ווערט אַ געלעכטער: אַ הרוץ־עתיק יונה...

— הכלל, יונה, וואָס ווילסט דו?

— עסען פאַר׳ן יתום, איך פאַר מיר וויל גאָר נישט!

— עסען, רבותים, עסען פאַר׳ן יתום! — הייבט ווייטער אָן יונה, און נישט ווילענדיג פאַלט ער אַריין אינ׳ם טאָן פון: „צוויי גילדען צו מצוות, דריי גילדין צו מצוות“. עס ווערט פרעהליכער אין בית־המדרש.

— איך נעם איהם אַהיים אויף וויעטשערע! — הערט זיך אַ קול.

— גוט — רופט ווייטער יונה — אויך אַ נדבה! פערשרייבען וועט מען עס ר׳ יחיאל׳קילען אויבען און הונטען! הערסט, יתומ׳ל — דרעהט ער זיך איבער צום קינד — אַ פּאָציאַטאַק האָסט דו שוין אויף לאַנג לעבען אַ וויעטשערע. און מאָרגען (דרעהט ער זיך איבער צום קול וואָס האָט גערופען), מאָרגען וואָס וועט זיין?

— זאָל זיין מאָרגען אָנבייסען אויך! — ענטפערט דאָס זעלבע קול...

— און וואָרימעס?

— גוי! — שרייעט מען ווייטער פון אַ זייט, מאָרגען איז פרייטאָג.

— און שבת? — לאָזט יונה נישט אָב.

— שבת מעג ער אויך קומען צו מיר!

— און זונטאָג, פרעגט ווייטער יונה, און מאָנטאָג, און דינסטאָג, און אַזוי די גאַנצע וואָך, און ווייטער שבת, און ווייטער אַ וואָך!

— וואָס האָסט דו דיך אָנגעציפּעט אין מיר! איין בעל־בית בין איך דאָ?

— חס־ושלום, צו אַלע בעלי־בתים רעד איך! וואָלטען אַלע געהאַט אַזאַ יודיש האַרץ ווי איהר, וואָלט שוין דער יתום אויפ׳ן טיש נישט געשטאַנען.

דער עולם שווייגט.

— דאַווינען! ווערט ווייטער אַ געשריי, אַ געטימעל.

— שיקט נאָכ׳ן ווייב, וועט ער אַנטלויפען! — הערט זיך איין עצה אין מיטען געטימעל. און עס האָט יונה׳ן ווי אַ בליץ געטראָפען! אין איין רגע איז דער גרויסער, לאַנגער יונה געוואָרען ווי חוזק, בטל ומבוטל! דער ווייץ האָט איהם געטראָפען ווי אַ גלית׳ן דוד׳ס גלאַטשטיינדיל גלייך אין שלעף אַריין!

— דאַווינען! דאַווינען! שרייעט מען העכער, און יונה שווייגט, הייבט די האַנד מיט׳ן לייכטער נישט אויף; ער האָט דעם גאַנצען מוטה פערלוירען!

## 5) אַ אומגעריכטע הילף.

און ווער וויים, וואָס מיט׳ן יתום וואָלט געוואָרען ווען נישט די הילף, וואָס איז פּליצלינג געקומען פון איין אַנדערער זייט!

אויפ׳ן בעלעמער פון ארון־קודש איז פלוצלינג אַרויפגעשפרינגען אַ שוואַרצער, בעוואַקסענער יונגערמאַן מיט אַ ספּאָדיקיל אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ, מיט צוויי צעפלויגענע פאות פון אונטער דעם ספּאָדיקיל, צע־

לאַפּענע ציצית פֿון אונטער'ן אָפּענעם חאַלאַטיל, און צוויי ברענעדיגע לויפֿענדיגע אויגען אונטערן ברייטען שטערען.—

— זעהט, זעהט — ווערט אַ געדודעריי — חיים־שמואל ווייטער!

און אין איין אויגען־בליק ווענדען זיך אַלע אויגען אָב פֿון שלחן צום ארון־קדש!

אפילו ר' שמעריל, וואָס איז ביז אַהער אַזוי רוהיג געזעסען ביים משניות, ווערט אויך עפּיס אונרוהיג, הייבט די ברעמען אויף.

— ווער? ווער? — פֿרעגט ער מיט זיין זיסען, נאָר דער־שראָקענעם קול.

— חיים־שמואל, חיים־שמואל — הזר'ט מען איבער.

— רבותים! — שרייט דערווייל דער יונגער־מאַן פֿון ארון־קדש אראָב!— געדענקט וואָס איך זאָג אייך! דער רבונו־של־עולם, ווי אין די הייליגע ספרים שטעהט, איז איין אבי־יתומים, איהר טאָרט דעם יתום נישט פֿערלאָזען — אַ ניט וועט איהר, חס־ושלום, אויך איבערלאַזען יתומים.

— אַראָב, שייגעץ, פֿון בעלעמער...

— שרייעט נישט, רבותים, איין אמת וואָרט וויל איך זאָגען, א גוט וואָרט...

אַ גוט וואָרט וויל דער עולם הערען.

— שאַט, רבותים... יודען בני־רחמנים זענט איהר, א יודיש האַרץ האָט איהר, פֿאַר וואָס שווייגט איהר? איהר האָט — זאָגט איהר — אַ לאָך אין קעשענע?

עס ווערט אַ געלעכטער.

— לאַכט נישט, איך מיין עס ערנסט, איהר האָט קיין געלד נישט, אָרום קהל! איהר האָט נישט. ר' שמעריל האָט נישט!... מילא... וועל איך אייך געבען געלד!

ביי די ווערטער ווערט ר' שמעריל אונרוהיגער, ער פֿערמאַכט דאָס משניות און הייבט זיך אויף פֿון אָרט און קוקט צום בעלעמער.

— יונה — רופֿט דער יונגער־מאַן פֿון בעלעמער אריבער צום שלחן — האָסט וועמען איבערצוגעבען דעם יתום?

אַוודאי! — ענטפֿערט יונה, וואָס איז דערווייל צו זיך געקומען.

— וויפֿיעל דאַרף עס קאָסטען?

— אַ רובל אַ וואָך!

— זעהר וואהל, רבותי, איך גיב געלד! איך צאָהל אַ רובל אַ וואָך פֿאַר'ן יתום!

— דו, דו? — ווערט אַ געדופֿעריי, מען ווייסט, אַז דער יונגער־מאַן האָט נישט קיין דרייער ביי דער נשמה.

— נישט מיין געלד! רבותי, הערט, איך גיב אייך נישט מיין געלד מיין שוואָגער אייזיקיל'ס געלד!

— אָה! ווערט אַ גערוישעריי. דער עולם פֿערשטעהט שוין אין וואָס עס געהט. דער שוואָגער אייזיק'ל האָט אַ היתר־שהיטה...

אין אַצונד ווערט ר' שמעריל בלאַס און מיט אויפֿגעפֿלאַמטע אויגען הייבט ער זיך אָן צו־צוריקען צום בעלעמער. נאָר איידער ער שטיפּט זיך דורך, רופֿט דערווייל דער יונגערמאַן:

— מיין שוואָגער גיט אַ חרס־קוויטעל, אַז ער צאָהלט אַ רובל אַ וואָך פֿאַר'ן יתום, ביז ער וועט בר־מצוה ווערען, לאָז אפילו זיין ביז צו דער חופה...

און אַז ער דערזעהט ר' שמערלין פֿאַר זיך שוין אויפֿ'ן ערשטען טרעפּיל פֿון בעלעמער, שרייעט ער דאָס איבעריגע אין איין אָטהעם:

— נור פֿאַר שחיטת עופֿות, נור פֿאַר שחיטת עופֿות. שרייעט עולם: יאָ!

און דעם עולם געפֿעלט די קונ'ן און הייבט אָן שרייען מיט התלהבות:

— יאָ! יאָ! מסכים! מסכים! אַלע בעשטעהען!

ר' שמעריל איז שוין געשטאַנען ביי'ם יונגענמאַן און האָט איהם שוין געהאַלטען ביי'ם לאַץ אַראָבצושלעפּען „ווי אַ הורג" פֿון בעלעמער, נאָר פֿון געשריי „יאָ! יאָ! יאָ!" איז ער ווי פֿערטומעלט געוואָרען.

— שהט אייזיק'ל! — שרייעט צולעצט דער יונגערמאַן און שפּרינגט אַראָב רעכטס פֿון בעלעמער, זיך מיט ר' שמערלין נישט צו טרעפֿען.

און אַז ר' שמעריל קומט צו זיך צוריק און הייבט אָן רעדען:

— ר' קלונימוס! רבי קלונימוס, ווי דער־לאָזט...

שטעהט שוין דער איינענער יונגער־מאַן אין טלית ביי'ם עמוד און גיט אַ געשריי:

— ברכו!

דער עולם צעהוידעט זיך, צעוויעגט זיך און ענטפֿערט פֿרעהליך וואָס מען דאַרף.

ר' שמעריל'ס קול ווערט פֿערטרונקען אינ'ם דאַווענען.

און ר' קלונימוס האָט נאָך אַליין נישט אַראָבגענומען די האַנד פֿון פּנים...

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — אין ווינען בעשטעהט זייט מעהר פֿון איין יאהר אַ יודיש-נאַציאָנאַלע פֿאָלקס-פּאַרטיי, וואס וויל אז אַלע יודען אין עסטרייך זאלען זיך צוזאַמען נעהמען און זייערע אינטערעסען פֿערטרעטען. צי וועט די פּאַרטיי עפּיס קענען טהון געגען דעם אנטיסעמיטיזם, וואס מאכט די אָרעמסטע יודען שווער און ביטער דאס לעבען, דאס קען מען היינט נאך נישט וויסען, אָבער איין גוטע זאך קענען מיר פֿון דעם פֿעראיין ערוואַרטען, ער זאל ביי די עסטרייבישע יודען, וועלכע פֿיהלען שוין גאר ווינציג צו זענען זיי יודען, דערוועקען יודישע געפֿיהלען און יודיש בעוואוסטזיין. מיר קענען דאס פֿון דער פּאַרטיי ערוואַרטען, ווארום די נייע צייטונג „יודישעס פֿאלקסבלאט", וואס די פּאַרטיי גיבט ארויס זייט עטליכע וואָכען, ווייזט ארויס אז זי מיינט עס ערענסט מיט דעם יודיש־נאַציאָנאַלען געדאנקען.

— די טאַרנאָווער חברה „אהבת ציון" האט ארויסגעגעבען אַ בעריכט פֿון איהר ארבייט אין די 2 יאָהרען זייט זי איז געגרינדעט געוואָרען. די חברה איז געגרינדעט אויף אַקציעס; דאס קאַפּיטאַל פֿון די אַקציעס בעטרעפֿט 15,000 פֿלאָרין. אים יאהר 1897 האט די חברה געקויפֿט ביי'ם באראָן ראָטשילד אַ שטיק לאנד אין ארץ ישראל אויף צו גרינדען אַ גאליצישע קאָלאָניע. פֿאַר דער ערד האט זי שוין געצאהלט 2 ראטעס צו 20,000 פֿראנק. די קאָלאָניע הייסט „מַחֲנַיִם", עס וואָהנען אין איהר 11 גאליצישע קאָלאָניסטען און 5 קאָלאָניסטען פֿון ארץ-ישראל. די ענגלישע „חובבי ציון" האבען צו געזאגט די גאליצישע קאָלאָניע נאך מעג-ליכקייט צו שטיצען, כדי די קאָלאָניסטען זאלען קענען ווי אין גיכסטען זעלבסט-שטענדיג ווערען און קיין שטיצע נישט מעהר בעדארפֿען.

— אין קאָלאָמעאַ איז געוועזען אַ פֿערזאַמלונג פֿון די לעהרער וואס זענען אנגעשטעלט אין באראָן-הירש-שולען אין גאליציען. אַ ערך פֿון 200 לעהרער און 20 לעהרערינס זענען צוזאַמענגעקומען און האבען בעהאנדעלט זעהר וויכטיגע פֿראגען וואס געהערען צו די שולען. עס איז בעשלאָסען געוואָרען ביי יעדער שולע צו מאכען אַ אָבענדקורס פֿאַר ערוואַכסענע וואס קענען נישט שרייבען און לעזען. זעהר פֿיעל לעהרער האבען זיך בעקלאגט דאריבער וואס מען לערענט נישט העברעאיש אזוי גוט ווי יעדע לעבעדיגע שפּראך און האבען נאכגעוויזען ווי נעטהיג דאס איז פֿאַר יודישע קינדער. מען האט אבער נישט בעשלאָסען אַנצוהייבען לערנען נאך אַ נייעם סיסטעם און ס'איז דערווייל געבליבען ביי'ם אלטען.

— אַ גרויסען שאדען האבען די הירש-שולען געהאט. פֿאַר איינינע וואָכען איז געשטארבען זייער אינשפּעקטאָר ה' נחמיה לאנדעס, וואס האט זעהר פֿיעל געווירקט פֿאַר די שולען אין גאליציען. ער איז געוועזען אַ טיכטיגער פּעדאַ-גאָג און האט אויך פֿיעל געשריבען אין דייטשע און פּאָלנישע צייטונגען, מיט יאהרען צוריק האט ער אויך העברעאיש געשריבען.

*

**רוסלאנד.** — אין מיניסטעריום ווונוטרעניך-דיעל איז איצט אַ עקסטרע קאָמיסיע בעשעפֿטיגט מיט דער פֿראגע, איבערמאכען גרויסע דערפֿער פֿאַר שטעדטליך. ווי מיר האבען שוין בעמערקט („דער יוד" N 2), איז די זאך זעהר וויכטיג פֿאַר יודען, וועלכע דער זאקאָן פֿון 3 טען מאי 1882 ערלויבט ניט צו וואָהנען אין דערפֿער, אבער ווען די זעלבע דערפֿער וועלען ווערען שטעדטליך, וועט דאס זיין אַ גרויסע ישועה פֿאַר פֿיעלע פֿון אונזערע ברידער. אמת די אנטי-סעמיטישע בלעטער שרייען שוין דארויף און פֿערלאנגען, מען זאל יודען ניט אריינלאזען אין די נייע שטעדטליך, אבער ס'איז אַ האפֿנונג, אז די רעגירונג וועט ניט פֿאלגען זייער בייזע עצה. בפרט אז אין דער פּראקטיק האט זיך שוין לאנג ארויסגעוויזען, אז יודען זענען גאר ניט שעדליך פֿאַר די פּויערען פֿון די דערפֿער. די סטאטיסטיק ווייזט, אז אין אזעלכע קאנטען וואו יודען זענען ניטאַ, לעבען די פּויערען פֿיעל אָרעמער, טרינקען מעהר שנאַפּס און האבען וועניגער שולען פֿאַר זייערע קינדער, ווי אין די דערפֿער וואו יודען וואָהנען יאָ.

— ענדע 1897 האט די רעגירונג געזעצט אַ קאָמיסיע, פֿון וועלכער דער פּרעזעס איז באראָן גילדעבראנדט, צו פֿאָרשטען און נאכזעהען, אויב די „ווּרע-מענע-פּראַווילעס" פֿון 3 מאי 1882 בעדארפֿען נאך בלייבען אויף ווייטער, אדער

מען זאל זיי אפשאפען. צו וועלכען רעזולטאט די קאמיסיע איז געקומען ווייס מען נאך ניט, אבער לויט ווי מען זאגט, איז איהר דעה, מען זאל יענע געזעצע פערגרינגערען.

— רוסישע צייטונגען אין דרום-רוסלאנד שרייבען אז די לעצטע צייט האבען אין א סך דערפער די פויערען געמאכט א „פריגאוואר" (בעשטימונג), אנהויבען סטארען זיך פאר דער רעגירונג, איבערמאכען זייער דארף אויף א שטאדט, און זייער כונה איז בפירוש. כדי יודישע אגענטען און סוחרים פון תבואות זאלען דארט קענען פריי וואהנען.

— לויט די געזעצע אין פינלאנד, ווי באלד א יוד וואס וואהנט דארט האט חתונה, טאר ער שוין מעהר ניט וואהנען דארט. פאר א יאהרען האט דער סיים (פינלאנד האט א מין בעזונדער סענאט מיט א סיים, ד"ה א פערזאמלונג פון די גרעסטע לייט) בעשטימט, אפשאפען דעם דאזיגען געזעץ. אויך האט דער סיים מסכים געווען, אז די יודישע פרוי וואס האט חתונה מיט א מאן וועלכער מעג וואהנען אין פינלאנד, זאל האבען די זעלבע פראוועס וואס איהר מאן. ווידער איז דאמאלס געווען א פראיעקט, ערלויבען יודען אין מאנכע ערטער בויען שולען צום דאווענען און האלטען רבנים מיט אנדערע כלי-קודש. איצט שרייבען די צייטונגען אז דער סענאט מאכט פארטיג א פראיעקט, אז יודען זאלען מעגען וואהנען אין פינלאנד אויב זיי וועלען האבען א רוסישען פאס. בויען אייגענע בעזונדערע שולען וועלען יודען ניט קענען, ווייל אין פינלאנד קענען יודען איבערהויפט ניט האבען הייזער און אומבעוועגליכע גיטער, אבער זיי וועט ערלויבט זיין מאכען שולען אין געדונגענע הייזער.

— אין דער צייטונג „וויעסטניק פראווא", וועלכע די יוריסטישע געזעל-שאפט גיט ארויס אין פעטערבורג, איז אפגעדרוקט געווארען זעהר א אינטערעסאנ-טער ארטיקעל וועגען יודישע אדוואקאטען. עס ווערט ארויסגעוויזען פאקטיש, אז צווישען די אדוואקאטען וואס האבען פערזינדיגט און געהאט א שטראף אין די יאהרען 1885—1895 זענען יודען געווען גאנץ ווייניג.

— די יודען אין באקו האבען דערלאנגט א ביטע אין גובערניע, ערלויבען זיי אויסבויען א שול צום דאווענען. די גובערניע האט די בקשה אפגעשיקט צום מיניסטעריום. יעצט איז אנגעקומען א ענטפער, אז די בקשה קען ערפילט ווערען און די יודען מעגען זיך בויען א שול ווי זיי ווילען, נאר מיט דעם תנאי, זי זאל זיך פיהרען לויט די פראווילעס ווי די שול אין פעטערבורג.

— מיר האבען געשריעבען („דער יוד" Nr. 1) אז אין קיעוו איז אויס-געקליבען געווארען פאר א ראבינער דער דאקטאר יאמפאלסקי פון ראסטאוו. די גובערניע האט אבער ניט בעשטעטיגט די וויבארעס, ווייל די אויסקלייבער זענען געווען נור פון קיעוו און ניט פון דעמיעווקא (א דארף ביי קיעוו) וועלכע קעהרען אויך צום רשות פון קיעווער ראבינער, און האט געהייסען מאכען נייע וויבארעס, אין וועלכע ס'זאלען שוין האבען א חלק אלע יודען וואס וואהנען אין די פאר-שטאדטען פון קיעוו. אויסקלייבען וועלען איצט דעלעגאטען פון יעדער שול.

— צוואנציג טויזענד רובעל פון קאראבקע האט די בערדיטשעווער קהלה בעשטימט היינטיגס יאהר אויף פערשיעדענע קהל'שע זאכען, דהיינו: 5300 רובעל צו בויען א בית-יתומים, 4000 רובעל בעצאהלען דעם אלטען חוב פון הכנסת-אורחים, 4500 רובעל צו פערריכטען די שול אויף דער אלטשטאדט, 2000 רובעל אויף דער שול אין ניישטאדט, 3000 רובעל אויף אויסבויען א באד אין קאטשאנאווקע, 900 רובעל געבען שטיצע די מיידליך-שולע פון ה' העכטמאן און 300 רובעל צו פערריכטען די שול פון אלטען-בית הקברות גאס. — שיין איז די בעשרייבונג ווי אזוי ס'איז געווען די אספה פון בערדיטשעווער בעלי-בתים. עס זענען געווען קולות און געשרייען ביז אונטער'ן הימעל, קיינער האט ניט געוואלט נאכגעבען דעם אנדערען, דער גאלאווא (הויפט) פון שטאדט איז ארויס פון די כלים און האט פיעל מאל געסטראשעט, אז ער וועט פערמאכען די אספה, און קוים מיט צרות איז איהם געראטען, אביסעל איינשטילען די בעלי-בתים און ווי עס איז אויסגלייכען זיי...

— אין פיעל שטעדט האבען די ציוניסטען געמאכט בעלער אים פורים, און געהאלטען רעדען וועגען דער אידעע. מען האט אויך גדרשה'ט וועגען דער קלאניאל-באנק און ערוועקט דעם עולם, פערשרייבען זיך אויף די אקציעס.

— דער אדעסער קאמיטעט צו שטיצען יודישע ערדארבייטער און בעלי-מלאכות אין פאלעסטינא האט זיך געווענדט מיט א הייסע בקשה צו אלטע פאר-שטעהער און אינקאסענטען אין די שטעדט, זיי זאלען ווי אם געשווינדסטען איינ-מאנען די חובות פון די חברים, און אפשיקען דאס געלד דעם קאמיטעט, ווייל עס דרוקט זיך די רשימה מיט א חשבון פון די דריי לעצטע יאהר און ווער עס וועט ניט איינצאהלען וועט ניט שטעהן דערמאנט אין דער רשימה.

*

**דייטשלאנד.** = דען 20 פעברואר איז געשלאסען געווארען די אויס-שטעלונג פון ארץ-ישראל-פראדוקטען אין פראנקפורט, די אויסשטעלונג האט גע-דויערט 3 חדשים, אין דער צייט איז פערקויפט געווארען 129,845 פלאשען וויין און פערשידענע שניצערייען פון עצי-זית פאר 5645 מארק. אין גאנצען איז גע-לעזט געווארען איבער 25,000 מארק. די אויסשטעלונג איז בעזוכט געווארען פון איבער 50 טויזענד פערזאנען דארונטער מייסטענס קריסטען, און מיט פולעם רעכט האט דאס קאמיטע ביי'ם שליעסען די אויסשטעלונג בעהויפטעט, אז די אויסשטעלונג האט געבראכט כבוד פאר די יודישע קאלאניעס און פאר'ן כלל-ישראל. אין דער שטאדט פראנקפורט אליין האט די אויסשטעלונג א גרויסען רושם געמאכט און עס ווערט דארט איצט געגרינדעט א פיליאלע פונ'ם בערלינער „עזרא" וואס קלערט באלד צו גרינדען א נייע קאלאניע אין ארץ-ישראל.

= אין בערלין האט זיך געבילדעט א „קאמיסיע צו ארבייטען געגען איינגעוואנדערטע בעטלער". פאריגען מאנאט איז געווען די ערשטע אסיפה, וואס צו איהר זענען געקומען פערטרעטער פון פיעלע דייטשע שטעדט. מאנכע רעד-נער האבען פערלאנגט אז מען זאל אונטערשטיצען די ארימע אין זייערע אייגענע היים, איידער זיי וואנדערען אויס און שלעפען זיך ארום אין דער פרעמד, דאס רוב אבער האבען בעהויפטעט אז ס'האנדעלט זיך נור דארום, די שנארער פון דער גרענעץ צוריקצוזאגען כדי זיי זאלען נישט פאלען צו לאסט. ס'איז בעשלאס-סען געווארען: 1. אלע אונטערשטיצונגס-חברות זאלען זיך פעראייניגען; 2. וואו עס זענען נאך נישט דא אזעלכע חברות, זאלען זיי געגרינדעט ווערען; 3. מען מוז זעהען אז די איינוואנדערער זאלען ביי דער גרענעץ אויפגעהאלטען ווערען און די וואס זענען נישט ווערט א אונטערשטיצונג זאלען צוריקגעשיקט ווערען. וואס פאר א סימן ס'איז, צו איז א יודישער ארימאן ווערט אונטערשטיצונג צו נישט — איז נישט בעשלאסען געווארען.

= פון ק ע נ י ג ס ב ע ר ג קומען טרויריגע בשורות איבער די אויסווייזונג פון רוסיש-פוילישע יודען אויס פרייסען, וואס איז איצט זעהר שטרענג געווארען. אפילו די וואס מעגען דארט וואהנען שוין זייט אפאר יאהר מוזען אוועקשיקען זייערע פרויען און קינדער, און אזעלכע וואס האבען קיין פרויען נישט, איז פער-באטען חתונה האבען, עטליכע האבען דעם פערבאט נישט געפאלגט און חתונה געהאט, האט מען זיי בעשטראפט און זיי האבען געמוזט די שטאדט פערלאזען. פאר א יאהר האט מען אלע פרעמדע יודען אנגעזאגט אז זיי דארפען יעדען מאנאט מערץ זיך מעלדען און איינגעבען א בקשה מען זאל זיי ערלויבען ווייטער צו בלייבען. איצט איז דער מאנאט מערץ געקומען און יעדער לעבט אין גרויס שרעק און פחד מען זאל איהם חלילה נישט ארויסשיקען.

= אין בערלין האט ד"ר כהן אלם דעלעגאט פון וויענער אקציאנסקאמיטע אם 1 טען מערץ א רעדע געהאלטען איבער „ציוניסמוס פון רעליגיעזען שטאנד-פונקט". ער האט בעוויזען מיט פיעלע ציטאטען פון תנאים און רבנים אויס אלע צייטען, אז דער ציוניזם איז נישט ק ע ג ע ן דער רעליגיאן, נאר א עכט יודישע בעוועגונג וואס לעבט אין יודענטהום שוין זייט 2 טויזענד יאהר און די גרעסטע יודישע מענער האבען תמיד באמונה שלמה געגלויבט אז יודען וועלען אמאל צוריק אומקעהרען אין זייער לאנד דורך גאנץ נאטירליכע מיטעל. די רעדע האט געמאכט א גרויסען רושם.

*

**ענגלאנד.** = דער לאנדאנער באראן ראטשילד האט ארויסגעגעבען איין אויפרוף צו די יודישע עלטערן וואס לאזען זייערע קינדער אויסער אין פריי-שוהל נאך געהען אין חדר אריין, אז זיי זאלען רחמנות האבען אויף די יונגע קינדער און זיי נישט אזוי פלאגען מיט פיעל לערנען, ווארום עס איז גענוג פאר זיי אז זיי געהען אין שוהל אין לערנען דארט זאכען וואס מאכט זיי פאר מענשען, דאס חדר, מיינט דער באראן, איז גאנץ איבעריג און שאדעט די קינדער צו זייער געזונד. דער אויפרוף האט געמאכט אגרויסען רעש ביי אלע יודישע פאמיליעס אין לאנדאן, ד. ה. ביי די פאמיליעס וואס ווילען דוקא אז זייערע קינדער זאלען ערצויגען ווערען יודיש און ווילען זיך נישט בעגניגען מיט דעם ביסעל אנגענארטען רעליגיאנס-אונטערריכט פון דער פריי-שוהל. שבת דען 25 פעברואר איז אין לאנדאן געווען א גרויסע פערזאמלונג וואס האט פראטעסטירט געגען באראן און אלע רעדנער וואס האבען דארט גערעדט האבען שטארק קריטיזירט דאס בענעהמען פונ'ם באראן געגען יודישען אונטערריכט. אויך די יודישע צייטונגען זענען שארף אויפגעטרעטען געגען באראן וואס ער מישט זיך אריין אין זאכען וואס מע פרעגט איהם קיין דעה נישט, און זאגען, אז איינער איז א מיליאנער מוז ער נאך נישט זיין א אפוטרופס פון יודישקייט און יודישע ערציהונג. די וואס פראטעסטירען געגען באראן בעהויפטען נישט, אז די חדרים מוזען בלייבען אזוי ווי זיי זענען, אז מען דארף נישט זארגען זיי צו פערבעסערן און פערשענערן, כדי זיי זאלען נישט שאדען די קינדער, אבער אין גאנצען אפ-שאפען די חדרים, פיהלען זיי, איז גלייך, אזוי ווי מען וואלט זיי געהייסען אוועקווארפען דאס גאנצע ביסעל יודישקייט, און אזעלכע טובות פון אונזערע „גרויסע לייט" האבען מיר יודען זיך תמיד אפגעזאגט.

= די פעראייניגטע ציוניסטישע חברות פון ענגלאנד מיט'ן נאמען „פעדערייישאן", האבען ארויסגעשיקט זייערע טיכטיגסטע מענער אגיטירען פאר ציוניזם. אין מאנשעסטער, ליווערפאל, ליעדז זענען געווען גרויסארטיגע אסיפות פון טויזענדער מענשען אין וועלכע ד"ר גאסטער און סיר פראנציז מאנטעפיורע האבען רעדען געהאלטען. זייערע רעדען האבען א גרויסען רושם געמאכט אין אלע 3 שטעדט.

*

**פראנקרייך.** = אין א פאריזער אנטיסעמיטישער צייטונג וואס געהער צו'ם משומד ארטור מ א י ד איז ערשינען איין ארטיקעל וואס בעהויפטעט אז די קאנגרעסען פון באזעל זענען אייגענטליך נישט געווען פאר ציוניסטען נאר פאר פריינדע פון דרייפוס וועלכע האבען איהם געוואלט בעפרייען, און דער ערשטער קאנגרעס האט בעשלאסען צו ארבייטען געגען פראנקרייך. דאגעגען

איז אויפגעטרעטען דער בעקאנטער שריפטשטעלער בערנארד לאזאר און שרייבט א בריעף צו דער אנטיסעמיטישער צייטונג אין וועלכען ער ווייזט נאך, אז ער האט פאר דרייפוס אינשולד געשריבען נאך אים יאהר 1896, איידער מען האט נאך אין זינן געהאט צו מאכען א קאנגרעס. דער צווייטער קאנגרעס אויף וועלכען ער, ה׳ לאזאר, איז אויך געוועזען, איז צופעליג פונקט אויסגעקומען אין דער צייט וואס דער פעלשער הענרי איז ארעטירט געוואָרען און ער האט זיך געקוילעט — דאס, פערזיכערט ה׳ לאזאר, האט מען אודאי נישט אויף דעם קאנגרעס בעשלאָסען!

= די באראָנעסע הירש האט געשענקט $1^1/_2$ מיליאָנען פראנק פאר די ארומע יודען אין אלגיר. דאס ארומקייט איז דארט זעהר גרויס ווייל די אנטיסעמיטען העטצען בעשטענדיג געגען יודישע סוחרים און הייזירער און דאס האט ביי א סך יודען אוועקגערויבט די פרנסה.

= דער געוועזענער בירגערמייסטער פון אלגיר, דער בעקאנטער נייער המן, מאקס רעזשי, און זיין חבר איין אנטיסעמיטישער רעדאקטער וואס האבען אויפגערייצט דעם המון צו טעדטען און צו ראביוועו די יודען, זענען פעראורטהיילט געוואָרען. רעזשי צו א שטראפע פון 1000 פראנק און 3 יאהר תפיסה, זיין חבר צו 100 פראנק און 8 מאָנאט תפיסה.

*

**אמעריקא.** = אין מאנאט דעצעמבער זענען איינגעוואנדערט קיין אמעריקא איבער דעם האפען פון פילאדעלפיא 691 פערזאנען; דערפון זענען געוועזען 187 יודען. 118 פון זיי האבען ארויסגערופען זייערע קרובים וואס האבען זיי געשיקט אויף הוצאות. די אויסוואנדערער זענען: פון רוסלאנד 146, פון גאליציען 19, פון רומעניען 9, פון איבריג עסטרייך 6, פון דייטשלאנד 5; דערונטער זענען 41 בעלי-מלאכה, די איבריגע האבען גאר קיין פראפעסיאָן נישט.

= דער קאנזול פון די פעראייניגטע שטאאטען אין ביירוט [טירקיי) האט דען 1 דעצעמבער א בעריכט געשיקט קיין נעוו-יארק, וואס די אמעריקאנישע ציוניסטען האבען דערפון גרויס נחת. דער קאנזול שילדערט די לאגע פון איניגע יודישע קאלאניעס, דערנאך שרייבט ער פאלגענדעס: „אבגעזעהען דערפון, אויב די ציוניסטישע אגיטאציאָן וועט קענען דערוועקען דאס נאציאנאלע געפיהל ביים יודישען פאָלק און גרינדען א יודישען שטאאט אין פאלעסטינא; דערווייל האט די אגיטאציאָן פיעל גענוטצט דעם לאנד וואס איז אמאל אזוי שען געוועזען און דערנאך אזוי שטארק פערוויסט געווארען. דער סילטאן, דאכט זיך, האט חשק צו ערלויבען, באהנען מאכען און אנדערע אונטערנעהמונגען צו גרינדען. די ציוניסטישע בעוועגונג ערציעהט אין די יודען פון פאלעסטינא גאנץ נייע אייגענ-שאפט׳ן". אין סוף פון זיין בעריכט, ערקלערט דער קאנזול, אז נישט קוקענדיג אויף די פערשידענע מניעות איז איצט פאר יודען אין פאלעסטינא דא פיעל אויסזיכט, וואס קען אויך ברענגען גרויסע נוטצען פאר׳ן לאנד אליין.

*

**ארץ־ישראל.** = די נסיעה פון באראָן ראטשילד קיין ארץ-ישראל האט אויף די קאלאניסטען זעהר א גוטען רושם געמאכט. ער האט דארט זיך אויפגעהאלטען ה׳ טעג און בעזוכט מעהרערע קאלאניעס; איבעראל האט ער מיט די קאלאניסטען גערעדט ווי א פאטער צו זיינע קינדער און איבעראל האט מען איהם אפגעגעבען גרויסען כבוד אזוי ווי ס׳געהער זיך דעם גרינדער און בעשיצער פון ישוב-ארץ-ישראל. נאכדעם ווי ער האט דען ערשטען טאג אין „ראשון לציון" די קאלאניסטען צו פערשטעהען געגעבען אז זיי קענען זיך שוין איצט בעגעהן אהן זיין שטיצע און האט זיי געבעטען אז זיי זאלען זיך מיה געבען און פלאנצען אנדערע זאכען נישט נור ווין אליין, זיי זאלען אויך האָדעווען בהמות און עופות און זאלען פלייסיג ארבייטען מיט ווייב און קינדער — האט ער דען צווייטען טאג אין דער קאלאניע „פתח תקוה" אין שוהל א רעדע געהאלטען. די רעדע לויטעט:

„איך דאנק אייך זייער פאר דעם כבוד וואס איהר האט מיר געגעבען — האט דער באראָן געזאגט — מיין הערץ פרייהט זיך צו זעהען דעם גוטען צושטאנד פון דער קאלאניע, איהר האט געזעהן און איהר ווייסט וואס איך האב אלץ געטהון כדי אייך צו ברענגען דערצו איהר זאלט זיין זעלבסטשטענדיגע, דערום בעט איך אייך איהר זאלט ארבייטען פלייסיג אלע אויך די ווייבער און די קינדער, כדי איהר זאלט ניט דארפען זיין אבהענגיג פון מיר. איהר זאלט אייך אויף פיהרען ווי עהרליכע יודען, דען אז איהר וועט פעראייניגען אין זיך די ב׳ זאכען יודישקייט און ארבייטזאמקייט וועט איהר זיין גליקליך אין דעם הייליגען לאנד וואו אונזערע עלטערן האבען אויך געארבייט מיט פלייס. איך בעמערק ביי אייך ארבייטער פון פרעמדע פעלקער און דאס געפעלט מיר זעהר ניט. איהר דארפט וויסען אז מיין גאנצע ארבייט פאר דער קאלאניזאציא איז ניר ווייל איך רעכען יעדען יודען ווי מיינעם א ברודער. און איך פערלאנג אז איהר זאלט אויך אזוי בעטראכטען יעדען. איהר זאלט אלע לעבען בשלום. דער קלע-נערער און ארימער זאל ניט מקנא זיין דעם גרעסערען און דעם רייכערען די גרעסערע און די רייכערע ווידער זאלען העלפען זייערע קלענערע און ארימערע ברידער". אויך צו די פרויען האט דער באראָן גערעדט און זיי געבעטען זיי זאלען מיטהעלפען זייערע מענער אין דער ווירטשאפט אין שטוב און אין פעלד.—

„3 הויפטזאכען פערלאנג איך פון אייך — האט דער באראָן געזאגט צו ענדע פון זיין דרשה — פרידען, יודישקייט און ארבייטזאמקייט, אז איהר וועט אבהיטען די 3 זאכען וועט איהר זיין גליקליך".

דער נאך האט ער עמפפאנגען דעפוטאציעס פון ירושלים און יפו. דער רב פון יפו וואס האט געפיהרט די דעפוטאציע האט איהם איבערגעגעבען א בעגריסונגס-אדרעס אין א שענער געשניצטער שאכטעל פון עצי-זית און דער באראָן האט זיך דאריבער זעהר געפרייט אז ער האט געהערט אז דיא שענע שניצעריי איז יודישע ארבייט. דען דריטען טאג, פרייטאג, האט ער בעזוכט די קאָלאניעס „עקרון", „רחובות", „וואדחנין", שבת האט ער געהאלטען אין „ראשון לציון", אין שוהל האט ער עולה לתורה געוועזען „שלישי" און נאך דעם דאוונען האט ער א רעדע געהאלטען פאר׳ן גאנצען עולם. ער האט זיי געזאגט דאסזעלבע וואס ער האט געזאגט אין „פתח-תקוה", נאר ער האט נאך מוסיף געוועזען און געבעטען די קאלאניסטען זיי זאלען נישט טרייבען קיין לוקסוס און נישט אין זינען האבען פאריזער מאָדעס, נור לעבען פראסט ווי קאלאניסטען און טראכטען אז זייער קאלאניע וואס איז די ערשטע זאל זיין א מוסטער פאר אלע אנדערע קא-לאניעס. נאכמיטאג האט ער בעזוכט דאס שפיטאל, די אפאטעק, די שולען און האט מאנכע קינדער געשטעלט פראגען פון יודישער היסטאריע. ווי ער האט בעמערקט אז דאס הויז וואס די פועלים דאוונען אין איהם איז זעהר שלעכט האט ער מבטיח געוועזען די שוהל צו פערגרעסערן, כדי די פועלים זאלען אויך קענען דארט דאוונען צוזאמען מיט די בעלי-בתים, ווייל אלע יודען מוזען זיין גלייך, זיך בע-טראכטען אלס ברידער. א סך מאל האט ער די קאלאניסטען מסביר געוועזען, אז זיין כונה איז נישט נור פאר עטליכע, יחידים, טובות צו טהון, נאר וואס ער טהוט וויל ער ס׳זאל ניטצליך זיין פאר׳ן כלל ישראל. זונטאג דען פינפטען טאג איז ער מיט א עקסטרא-צוג געפאהרען קיין ירושלים. דארט האט ער אויך גרויס כבוד געהאט פון די רבנים און פון די בעהערדען, און ביי נאכט איז ער צוריק-געקומען קיין יפו וואו די גאנצע שטאדט האט איהם ערווארטעט ביז ער האט בעשטיגען דאס שיף און דעם האפען פערלאזט. די גאנצע צייט וואס דער באראָן איז געוועזען אין ארץ ישראל איז געוועזען א שענעס וועטער און אלע האבען גרויס תענוג געהאט פון דעם בעזוך.

---

# פעלעטאָן.

## דער פאפירענע בריק.

### (א באבע־מעשה פון משיח׳ס צייטען).

אין א שטעטעל
(ווי געהייסען
האט דאס ליעבע
שטעטעל, ווייסען,

גלויב איך, אלע –
קליין און גרויס;
און אויב ניט,
מאכט אויך ניט אוים).

אין דעם שטעטעל,
ערב־פורים,
הויך און מאכטיג,
ווי א שטורם,

האט א בת־קול
זיך דערהערט:
„ – יודען! גליק
איז אייך באשערט;

„אוים בהלות,
אוים יללות,
אוים, א סוף
צו אייער גלות;

„גיכער, ברידער,
מאכט זיך גרייט,
מאכט זיך גרייט –
משיח געהט!...

אומגעלומפערט
און צוהיצט,
אי פערמאטערט,
אי פערשוויצט,

רויט ווי פייער,
בלייך ווי מתים,
חאפען תפילין
און טליתים,

ספרים, בעטגעוואנר
און טעפ;
ס׳געהען חאדראם
די קעפ,

א יריד, א מארק,
א מורא;
ס׳איז אין שטעטעל
שמחת־תורה;

און שוין פלאנעם
טאקי באלד
מאכען אלע,
יונג און אלט,

ווי אזוי דארט
אנצוהייבען
גאר א נייעם,
זיסען לעבען:

---

און משיח
איז געקומען...
יודען לויפען,
שרייען, ברומען,

מאטיע טשוואק,
דער וואסערפיהרער,
האט געחאפט
דעם לעצטען פיערער

און צופלאַקערט
ווי אַ בליץ,
באַלד אין שענק
אַריין מיט היץ:

„— אַ גאָט־העלף!
אַנו, רב־חיים,
גיסט נאָר אָן
אַ כּוס לחיים,

„און פון גרעסטען
טאַקי שטאָף!...
וואַסער־פיהרען?
אויס, אַ סוף!

„ווייל אויף גאַנץ
ירושלים
וועלען זיין דאָך
שואבי־מים

„די בני־גבעון!!...
אין דער ערד
אי דאָס פעסעל,
אי דער פערד!"...

---

„— הערסטו, סערדצע,
הערסטו, האָרעל,
צו'ם שוואַרציאָהר
די שער און נאָדעל,

„אויס, אַ ן־עק
צו שניידערייַ,
און אַ לעבען
פון דרערנייַ!" —

האָט געשריגען
יאַנקיל שניידער:
„— כ'גיי אָט באַלד
אַ קלייד פון זייד דיר

„און אַ שלעפּ־שאַל,
קויף איך דיר...
געלד? דו, בהמה, —
אָהן אַ שיעור!

„הוליעט קינדער,
הוליעט, ברידער!
ווייל אַז באַלד
גאָט וועט שוין ווידער

„מיט זיין גרויסער,
שטאַרקער האַנד
פיהרען אונז
אין אונזער לאַנד —

„און דעם בית־
המקדש בויען,
בין איך דאָך,
מיין ווייב, אַ כּהן!

„זיצען זיך רוהיג
אין געצעלט,
און צו דיר
אַ גאַנצע וועלט

„געהט און טראָגט
פון אַלעס בעסטען:
היהנער, טויבען
גאַנצע נעסטען,

„מעשׂר, תּרומה
פולע זעק,
מעל און בוימאייל
אָהן אַ ן־עק.

„הא? אַ שמאַלץ־גרוב
באמונות...
עס און טרינק
און ברענג קרבּנות"...

---

ביי אַ גלעזעל
גוטען מעד
איז געזעסען
און גערעדט

משה טראַליסטאַן
דער סקלאַדטשיק
מיט רב שלמה'ן
דעם פאַדריאַדטשיק:

„— הייסט עס, קלעהרט איהר
נעמען דאָרט
דעם פאַדריאַד?
גאַנץ גוט. נאָר פאָרט

„אַ בית־המקדש
סטרויען... שווערליך!
היינט ביי יודען
געה בּלייב עהרליך...

„גיין, איך נעם
דעם אָטקופּ דאָרט —,
אַ געשעפטעל
פערזווי סאָרט,

„פּשוט זאָגען —
גאָלד צו שפּינען,
סמון־קרח
צו פאַרדינען"...

„— יאָ, רב משה,
אָבער פאָרט,
איהר פאַרגעסט ניט —
וואָהנען דאָרט

„וועט דאָך נאָר
דאָס פאָלק־ישׂראל ,
אונזער לאַנד
און אונזער קהל;

„זיין ביי זיי
אַ סקלאַדטשיק... אַח!
יודענס שׂכרות
ווייסט איהר דאָך:

„אויף הבדלה
און אויף קידוש"...
„ אַי, רב שלמה,
ס'איז אַ חידוש

„מיר אויף אייך...
ווי הייסט? איהר הערט?
יודען טרינקען ניט?
פאַרקעהרט;

„גלויבט מיר,
איך וועל זיין צופרידען;
טרינקען וועלען
מוזען יודען,

„און טאַקי בּ"ש
למען־השם;
ס'איז אַ פּסוק
דאָ אויף דעם.

„איהר געדענקט
דעם נביא'ס שרייען:
הוי שכורת
ולא מיין!

„היינט באַקלערט,
אַז ניט פון וויין,
מוז דאָך דאָס
פון בראָנפען זיין!"...

---

נחמן־מענדיל
ציפּערבלאַט,
אַ ניקאָלאַיעווער
סאָלדאַט

האָט געמאַכט
אַ שמועס אין מנין
וועגען חיל
(אין דעם ענין

מן־הסתם
איז ער געניט);
„— חיל דאַרף מען;
ווי דען ניט?

„יונגע לייט
איז, קיין עין־הרע,
דאָ גענוג,
און ס'איז אַ סברה

„אַז פון פריזיוו
וועט מען דאָרט
ניט אַנטלויפען;
אָבער פאָרט

„אַלץ דאַרף זיין דאָך
בּלאַהאָראָדנע
אַ פּאָלקאָווניק
און אַ ראָטנע,

„די אוטשעניע,
דעם פּאַראַד
אויסצולערנען
דעם סאָלדאַט,

„ער זאָל זיין
אין סלוזשבע פלייסיג,
איז בכן,
האָטש אַ יאָהר דרייסיג

„אַז איך געה
אויף קוליעס, האָב
אַ קאַנטוזיע
אין קאָפּ,

„האָב אַ ן אויסשפּרוך
אַ פּאַנפּאַטען
(בירושה
פון'ם טאַטען)

„און די לינקע
אויג זעהט אויך
עפּיס אַלץ
ווי דורך אַ רויך,

„אַגב, יודען,
ווי איהר זעהט,
בין איך חאַטש־כּי
היכּף גרייט

„כּדי יודען
ניט פאַרשעמען
די קאָמאַנדע
אויף זיך נעמען;

„גייט נאָר אויף
מיר אַ מונדיר
און איך ווער
אַ קאָמאַנדיר"...

---

אויפ'ן שולהויף,
ווערד אַ דראַקע:
צוויי בינדיוזשניקעס,
און טאַקי

די, וואָס עברי
ניט אַ וואָרט,
האָבען זיך
צוטענעט דאָרט

וועגען דעם
אויף וואָסער אָרט
נוסח אַשכּנז
אָדער ספרד

דאַווענען דאָרטען
זאָל דער עולם...
„ - אשכנז, בהמה!"
„ - ספרד, דו, גולם!"

„יורקע!" - „ממזר!!"...
און צו'ם עק
קלעפּ געבראַטענע,
אַ שרעק...

---

קורץ געזאָגט,
דאָס גאַנצע שטעדטיל
האָט געפלאַטערט
. ווי אַ בלעטיל

אויפ'ן בוים
אין שטורמווינד;
יעדער יוד
מיט ווייב און קינד,

מיט די קישענס,
מיט די וויעגען,
מיט די הינער,
מיט די ציעגען,

מיט'ן פּסח'דיג
געפּעס
איז געוועזען
אין איין מעת־לעת

גרייט. מ'איז ליידיג
ניט געזעסען...
איינס נאָר האָט מען
גאָר פערגעסען.

(ענדע קומט.)

ש. פרוג.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.

### זמן העתונים העברים

# תרנ״ט המליץ 1899

### שנת השלשים ותשע לצאתו לאור

## יוצא בפטרבורג מדי יום ביומו ע״י ל. רבינוביץ.

---

המליץ הוא מרכז הסופרים הגדולים והטובים בישראל, מאז נוסד עד היום. המליץ הוא פועל ולא נפעל, בהיותו ראש המדברים בכל תנועה גדולה וקטנה, להרים מצב ישראל, להרבות רכושו הרוחני, לבצר עמדתו בהוה, לחזק תקותיו לעתיד, להראות הדרך בה ישכן אור וחיים. להמליץ שטה קבועה ומסוימת בכל דבר שהוא עוסק בו. מלבד ראש עבודת המליץ להשתלם תמיד, מרבה המליץ לתת לקוראיו **תשורות רבות ונכבדות.** בשנים האחרונות קבלו קוראי המליץ בתור הוספות חנם אין כסף את הספרים: בית אנולו, הורדום, מעמק הבכא, יהודה טורא, משא ארץ ישראל (ב׳ חלקים), ספר התקנות לתמיכת עניים (עברית ורוסית), פשוטו של מקרא, עקר ועקרה, התרגלת, ארבעה מאספים לספרות ולמדע: **היקב, האסם, הגת, הגרן,** וציור גדול ונחמד **„ערב יום הכפורים".**

מלבד הוספות ספרותיות, **ספרים שלמים** כתובים בדעת וטוב טעם ונדפסים הדר, כדרך המליץ תמיד, לתת לקוראיו כל דבר בעין יפה, יקבלו חותמי המליץ לשנה תמימה בשנה זו (בין הפונים ישר לבית המערכת ובין החותמים ע״י **אגודת „אחיאסף",** או שאר סוכנים, בין המשלמים בבת אחת ובין המשלמים לשעורין)

## חנם אין כסף תמונה רבת צבעים גדולה במדתה ונפלאה בתבנה ועשיתה



# „החשמונאים"

### העתקה רבת צבעים (Oleographie) מאד נאמנה מתמונה יקרה מעשה ידי הציר המפורסם

## האקדמיק משה מיימון,

תמונה אשר צר הציר העברי הזה על פי הזמנה מיוחדת של „המליץ" לשם הקוראים העברים. בתמונה הזאת נראה את אחד הרגעים היותר נעלים בדברי ימינו במחזה כביר וחי בכל צבעיו, הוא הרגע אשר בו הרעים גבור ישראל בקולו קול אריה: „זכרו את החרפה!". השחר פרוש על הרי יהודה ובאורו המוזהב יאיר להרבות ירושלם הנראות מרחוק. תחת אלון עומד חסון כאלון הגבור הנעלה והנערץ **יהודה המכבי.** את ידו האחת הרים לשמים והשניה נטויה מול הרבות עיר הקדש, ובדברים מפוצצי סלע יאמץ את רוח שומעיו הסובבים אותו, להציל את העיר מחרפה ועם ה׳ מעבדות נוראה — עבדות הגוף והנפש גם יחד. פני שומעיו מלאים עוז ובטחון נעלה: חזות פניהם תעיד, כי לא על חרבם חיו עד היום ורק רוח ה׳ הוא קבצם, והוא נתן אמץ בלבם להראות נפלאות, אשר לא ישערון גבורי עם ועם. **התמונה גדולה ונחמדה,** ולבל תתקלקל (גם בדרך היותר רחוקה אף קלקול כל שהוא, נשלח אותה לכל החותמים בתיקים חזקים עד מאד.

כן הננו לשלוח לכל קוראינו גם חלק מתשורות המליץ בשנים האחרונות **במחיר מצער עד מאד.** את הספרים „משא ארץ ישראל" (שני חלקים) להפרופ׳ יוסף דרנבורג, „בית אנולו" (ספור גדול מימי האנוסים בספרד), „לקט אמרים", „פשוטו של מקרא" (על פי דעת חז״ל), „עקר ועקרה" (ספור), „התרגלת" (חנוך), „ספר התקנות" לתמיכת עניים (עברית ורוסית) ואת חמשת המאספים לספרות ולמדע: „קהלת", „היקב", „האסם", „הגת" ו„הגרן", כל הספרים האלה יחד במחיר — **שני רובל ושמונים קאפ׳.** ואת הציור „ערב יום הכפורים להציר ממדרגה ראשונה ה׳ מ. יפה במחיר רובל אחד ועשרים קאפ׳.

---

מחיר **המליץ** עם כל **הוספותיו** ברוסיא: לשנה 10 רו״כ, לחצי שנה 5 רו״כ, לרבע שנה 2,50 רו״כ, לחודש 85 קאפ׳. בשאר ארצות, לקבלו פעמים בשבוע ג׳ גליונים: לשנה 30 פראנק, 24 מארק או שילינג, 15 גולדן, 6 דולאר. לקבלו בכל יום ויום: 40 פראנק, 32 מארק או שילינג, 20 גולדן, 8 דולאר לשנה. לחצי שנה ולרבע לפי הערך.

---

Adresse: An die Redaction des „HAMELIZ", Sarottenstr. Nr. 26 St.-Petersburg.

# געזעללשאפט „כרמל“ ווארשא

אויסשליסליכער פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד

# פון נאטירליכען וויין און קאניאק





וועלכער ווערד אוסגעארבייט

## אין די וויינגערטנער

פון די

## יודישע קאלאניעס

אין

# ארץ ישראל

די מארקע איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.

דער עטיקעט איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.

די פראקטיקע פון די פאריגע יאהרען האט אונז בעוויזען, אז פאר יום טוב קומען אן אלע בעשטעלונגען צוזאמען, און דאריום זעגען מיר נישט אים שטאנד, ביים בעסטען ווילען, צו זיין פינקטליך, און די קונים צופרידען צו שטעללען. כדי דאס צו פערמיידען בעטען מיר אונזערע געעהרטע קונדען זיי זאלען אזוי גוט זיין יעצט פאר פסח, ארײנשיקען באצייטענם די בעשטעללונגען, וועט יעדער קענגען קריגען אין דער צייט, וויל מיר מוזען זיך האלטען איין ארדנונג, דעם וואס בעשטעללט פריהער שיקען פריהער.

אללע וויינען און קאניאקען פון „כרמל“ זענען כשר לפסח און עס איז פון זיי נפרש געווארען תרומות און מעשרות ווי דער דין איז. אויף דעם האבען מיר הכשרים פון רב הכולל פון ארץ ישראל הרב הגאון ר' יעקב שאול אלישר שליט"א און פון הרב הגאון מיפו, בעשטעטיגט דורך הרב הגאון ר' שמואל סאלאנט שליט"א און פון די רבנים מווארשא.

## פאלגענדע סארטען וויין און קאניאק האבען מיר שטענדיג אויף לאגער.

| Nr. | | |
|---|---|---|
| 1) | רויט-וויין „ראשון לציון“ | St. Julien. |
| 2) | „ „ „פתח תקוה“ | Modoc I |
| 3) | „ „ „ | II |
| 4) | רויט-וויין זיס „רחובות“ | Alicante |
| 5) | „ זיים „לבנון“ | Haut Saut. I |
| 6) | „ „ „ | II |
| 7) | ווייסער וויין „חרמון“ | Sauterne I |
| 8) | „ „ „ | II |
| 9) | קאניאק „כרמל“ *** | Carmel |
| 10) | „ „ | B. R. P. |
| 11) | רויט וויין „נעטטער“ | Netter |
| 12) | ווייסער וויין „כרמיה“ | Cremieux I |
| 13) | רויט וויין זיס „ | II |
| 14) | זיס „עזרא“ | Esra |
| 15) | ווייסער וויין זיס „עקרון“ | Muscat |
| 16) | ווערמוטה „ראש פנה“ | Wermuth |

אויך בעקומט מען צו קויפען אין אונזערע סקלאדעס:



# האניג און זיסע מאנדלען



## פון די יודישע קאלאניעס אין ארץ ישראל

מיר שיקען פער נאכנאהמע נעגען 20% אנגעלד. אויף בעשטעללונגען פון 30 פלאשען און מעהר רעכנען מיר ניט פיר עקספעדיציאן און פערפאקונג.

הויפט-קאנטאר אין ווארשא, נאלעווקי נו' 21, טעלעפאן נו' 1433.

מאגאזינען אין ווארשא: 1) געגשא נו' 11, טעלעפאן נו' 1433; גראניטשנא נו' 2, טעלעפאן נו' 1473 3) קראקויער פארשטאדט נו' 85.

אדרעססע פיר בריעף: Товарищество Кармелъ Варшава. פיר טעלעגראממען: Варшава Кармелъ.

אבטהיילונג פיר זיד-רוסלאנד אין אדעססא רישעליעווסקאיא, אין דעם הויז פון ה' בארבאש:

אדרעססע פיר בריעף: Товарищество Кармелъ Одесса. פיר טעלעגראממען: Одесса Кармелъ.

צו אדעססער ראיאן געהערען די גובערניעס: חערסאן, קישיניעוו, יעקאטערינאסלאוו, פאדאלסק, קיעוו, חארקאוו, פאלטאווא, קרים און קאווקאז.

## אונזערע וויינען און קאניאקען בעקומט מען אין אלע וויינהאנדלונגען

---

כדי צו בעווארנען כרמל-וויין און קאניאקען פון נאכגעפעלשטע, פערקויפען מיר אונזערע וויינען און קאניאקען נור אין פלעשער פערזיגעלט מיט אונזער סטעמפעל און פערקניפט מיט דער פלאמבע פון „כרמל“.

---